# יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט

## באַשלוסן
## פון דער 30־יאָריקער
## יובל־קאָנווענשאָן

אָפּגעהאַלטן אין וואַשינגטאָן
אָקטאָבער 22, 23, 24 — 1965

# צום 30־יאָריקן יובל — אַ קאָנווענשאָן פון אַרבעט

די יובל־קאָנווענשאָן פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט האָט נישט געיובלט, נישט געיום־טובט, זי האָט **געאַרבעט.**

צו דער קאָנווענשאָן איז געקומען דער יידישער אַרבעטער קאָמי־טעט מיט אַ רעקאָרד פון היסטאָריש־וויכטיקער אַרבעט, וואָס שליסט איין די מוראדיקע יאָרן פון מלחמה און אומקום, דעם גורלדיקסטן פּעריאָד אין דער יידישער געשיכטע, אפשר אין דער גאַנצער מענטש־הייט־געשיכטע. אַ וועלט איז אומגעקומען. אַ נייע וועלט האַלט אין אויפקומען.

אין די יאָרן פון בלוטיגן מבול שטייט דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט אויף זיין פּאָזיציע, אויף דער וואַך, ווי אַ געטרייער זעלנער, אַריינגעטאָן אין דער אַרבעט מיט האַרץ און נשמה, רעטונגס־אַרבעט און הילף־אַרבעט, דערמוטיקנדיק אַנטמוטיקטע, שטאַרקנדיקע שוואַכע, וועקנדיק, רופנדיק, אויסשטרעקנדיק זיי אַלעמען אַ וואַרעמע ברודער־האַנט.

און אַזוי אויך נאָכן איינשטילן די מלחמה־שריפה, די פאַרניכטונג פון אייראָפּעאישן יידנטום. דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט שטייט אויף דער וואַך, אַקטיוו, מיטן באַוואוסטזיין פון זיין אחריות, צוטראָ־גנדיק אַ ציגל נאָך אַ ציגל צום ווידעראויפבוי פונם נאַציאָנאַלן יידישן לעבן, העלפנדיק דער יידישער שול, די יידישע קולטור־אינסטיטוציעס אין אַלע יידישע ישובים, שאַפנדיק יידישע קולטור־אינסטיטוציעס, בויענדיק אַרבעטס־קאָאָפּעראַטיוון אין דער יידישער מדינה.

און אַזוי נאָכפאָלגנדיק, אַ טריט נאָך אַ טריט די היסטאָרישע געשעענישן, איז דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט אויסגעוואַקסן פון אַ קליינער אַמעריקאַנער רעליעף־אָרגאַניזאַציע מיט שטאַרק באַגרע־נעצטע פאָנדן צו אַ וויכטיקער קערפּערשאַפט אין יידישן לעבן פון דער וועלט.

געוואַקסן איז ער אין דער זעלבער צייט אויך אויפן באָדן פון אַמעריקע. אויך דאָ האָט ער נאָכגעפאָלגט טריט ביי טריט די היסטאָ־רישע אַנטוויקלונג, וואָס האָט זינט דעם סוף פון דער מלחמה אָנגעהויבן גיין אין אַ האַסטיקן, שטורמישן טעמפּאָ.

די קאָאָפּעראַציע מיט דער טרייד יוניאָן באַוועגונג אין קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם און אומטאָלעראַנץ האָט זיך אַלץ מער און מער געשטאַרקט און איז אויסגעוואַקסן צו אַ פעסטן ברודער־בונד מיט דער

אַלגעמיינער אַרבעטער באַוועגונג אין לאַנד. פון פּראָפּאַגאַנדע־ און אויפקלערונגס־אַרבעט קעגן אומטאָלעראַנץ האָט געפירט דער וועג צו אַן אַלץ שטאַרקערער באַטייליקונג אין קאַמף פאַר ציווילע רעכט פון מינאָריטעט גרופּן אין דער באַפעלקערונג פון דער פרייער אַמע־ריקע. אין רעוואָלט פון דער נעגערישער באַפעלקערונג פאַר גלייכע רעכט, שפּילט דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט אַ רעספּעקטפולע ראָל ווי אַ דינאַמישער פאַקטאָר אין אַמעריקע פאַר דעמאָקראַטיע און פּראָגרעס.

אויך אין אַמעריקע איז אין דער יידישער געמיינדע דאָס פעלד פון דער יידישער קולטור עלנט און פאַרוואָרלאָזט. די יידישע שפּראַך ראַנגלט זיך פאַר אָנערקענונג און רעספּעקט מצד די „אָפיציעלע" יידי־שע פירערס. פאַר דער יידישער ליטעראַטור און פּרעסע איז פאַר־שפּאַרט דער וועג צום האַרצן פון דער יוגנט.

מוז דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט אויך אין אַמעריקע אי־בערנעמען די ראָל פון אַ יידישן קולטור־פּיאָנער, שטאַרקן די יידישע קולטור־אינסטיטוציעס, פירן דעם קאַמף אין דער יידישער געזעלשאַפט פאַר אונדזער קולטורעלן, נאַציאָנאַלן לעבן און קיום. אויך אין דער אַמעריקאַנער יידישער קאָמיוניטי איז דער יידישער אַרבעטער קאָמי־טעט אויסגעוואַקסן צו אַ וויכטיקן פּאָזיטיוון פאַקטאָר אין נאַציאָנאַלן לעבן פון יידישן פאָלק.

***

אונדזער קאָנווענשאָן האָט אָפּגעגעבן די גאַנצע צייט פון קנאַפּע דריי טעג באַראַטונגען און איר גאַנצע ענערגיע אויף אָנצוצייכענען די פונדאַמענטאַלע באַדינגונגען פאַר דער ווייטערדיקער ווירקזאַמקייט פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט אין די ראַמען פון דער יידישער גע־זעלשאַפט אין אַמעריקע. די פּראָבלעמען פון דער יידישער קאָמיוניטי אין אַמעריקע זענען גרינטלעך דיסקוטירט געוואָרן אין אַדמיניסטראַ־טיוון קאָמיטעט נאָך מיט עטלעכע וואָכן פריער פאַר דער קאָנווענשאָן. קאָמיסיעס האָבן באַטראַכט פּראָבלעמען סיי וועגן עצם מהות פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט, סיי וועגן זיין אָרגאַניזאַציאָנעלן אויפבוי („סטראַקטשור"), סיי וועגן זיינע באַציאונגען צו אַנדערע קערפּער־שאַפטן. וועגן די אַלע פראַגן זענען צוגעגרייט געוואָרן רעפעראַטן, וועלכע זענען אָנגענומען געוואָרן פון דער קאָנווענשאָן.

אַט די אַלע באַשלוסן ווערן דאָ איבערגעגעבן אין אונדזער קליינער שריפט. צום באַדויערן האָבן מיר זיך נישט געקענט פאַרגינען אַרויס־צוגעבן אַ פולשטענדיקן באַריכט פון אונדזער 30־יאָריקער יובל־קאָנווענשאָן. זאָל די בראָשור דערגיין אין די היימען פון אונדזערע פריינט, ווי אַ קליינער צושטייער צו דער וואונדערלעכער געשיכטע פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט.

# קורצער איבערבליק איבערן פאַרלויף
# פון דער קאָנפערענץ

העכער 500 דעלעגאַטן און געסט האָבן זיך באַטייליקט אין דער 30־יאָרי־קער יובל קאָנווענשאָן פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט, וועלכע איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין „מעיפלאַוער״ האָטעל אין וואַשינגטאָן, אין די טעג פון פרייטאָג, שבת און זונטאָג, דעם 22סטן ביז דעם 24סטן אָקטאָבער, 1965.

אָנגעהויבן האָט זיך די קאָנווענשאָן מיט אַ קאָנפערענץ פון נאַציאָנאַלן טרייד יוניאָן קאַונסיל ביים יידישן אַרבעטער קאָמיטעט. דעם פּאָרזיץ האָט געפירט טשאַרלס זימערמאַן, טשערמאַן פון דעם קאַונסיל. דעם באַ־ריכט וועגן דער טעטיקייט פון קאַונסיל האָט אָפּגעגעבן בעטי קעי טעילאָר.

אויף דער קאָנפערענץ האָבן אָפּגעגעבן באַריכטן: א. דזש.ביימילער, די־רעקטאָר פון יורידישן דעפּאַרטמענט פון א.פ.ל.־סי.אַי.אָ.; ד. סלעימאַן, דירעקטאָר פון סיוויל רייטס דעפּאַרטמענט, א.פ.ל.־סי.אַי.אָ.; אל בראַוואָי, וועלכער פירט אָן מיט דער סיוויל רייטס טעטיקייט פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט אין טאָ־ראָנטאָ, קאַנאַדע; מאָרעי גראָס, פּאָרזיצער פון דעם אַדמיניסטראַטיוון קאָמיטעט פון נאַציאָנאַלן טרייד יוניאָן קאַונסיל. די רעדנער האָבן אונטערגעשטראָכן די נויטווענדיקייט פון אַ קאָאַליציע צווישן די אָרגאַניזאַציעס וואָס קעמפן פאַר סיוויל רייטס: לייבאָר, מינאָריטעטן און בכלל די ליבעראַלע אָרגאַניזאַציעס.

אויף די פרויען דיוויזיע ביים יידישן אַרבעטער קאָמיטעט האָט אָפּגעהאַלטן אַ קאָנפערענץ פרייטאָג נאָכמיטאָג. אַ גאַסט רעדנער איז געווען ע. הערנאַנדעז, קאָמישאָנער פאַר גלייכע אַרבעטס געלעגנהייטן, וועלכע האָט גערעדט וועגן דער נויטווענדיקייט פון צוזאַמענאַרבעט מיט אַלע מינאָריטעטן־גרופּן פאַרן צוועק פון אויסקעמפן גלייכע אַרבעטס־מעגלעכקייטן פאַר אַלע.

סאָפיע קאַזאַק, אַ וויצע־פּאָרזיצערין פון דער פרויען דיוויזיע, האָט אָפּגע־געבן אַ באַריכט וועגן דער טעטיקייט אין קאַליפאָרניע.

אויף דער קאָנפערענץ פון דער פרויען דיוויזיע איז אויסגעקליבן געוואָרן די נייע פאַרוואַלטונג: ווי די ערן־פּאָרזיצערין איז אויפסניי געוויילט געוואָרן מייזי וולאַדעק ברומבערג; פּאָרזיצערין, עלענאָר שאַכנער און סעקרעטאַר־טרעזשורער, עדיט ב. פּאַטער. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז וויצע־פּאָרזיצע־רינס דאַרפן געוויילט ווערן פון יעדן ראַיאָן באַזונדער.

די קאָנפערענץ האָט אונטערגעשטראָכן איר נאָענטע צוזאַמענאַרבעט מיטן יידישן אַרבעטער קאָמיטעט.

אויף דער קאָנפערענץ איז אָפּגעגעבן געוואָרן אַ באַריכט וועגן 5 יאָר אַרבעט

פון דער פרויען דיוויזיע. אַ באַריכט פון אָנגעשטרענגטער אַרבעט ספּעציעל אויפן געביט פון קינדער פאַרזאָרגונג און קולטור־אַרבעט.

די פאָרמעלע עפענונג פון דער קאָנווענשאָן איז פאָרגעקומען פרייטאָג אָוונט. לואיס סטולבערג, סעקרעטאַר־טרעזשורער פון דער אינטערנעשאָנאַל, האָט געעפנט די קאָנווענשאָן מיט אַ קורצער, וואַרעמער רעדע, ער האָט פאָרגעשטעלט דעם נאַציאָנאַלן פאָרזיצער, אַדאָלף העלד.

אַ. העלד האָט אָנגעהויבן זיין רעדע מיט געפילפולע טרויער־ווערטער אויף די שווערע אבידות וועלכע עס האָט געליטן דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט, דורך דעם טויט פון פראָמינענטע פירערס און טוערס פון דער יידישער אַרבעטער באַוועגונג אין אַמעריקע. ער האָט דערמאָנט צווישן אַנדערע: נחום כאַניק, לאַנג־יאָריקער פאָרזיצער פון אַדמיניסטראַטיוון קאָמיטעט פון ייד. אַרב. קאָמיטעט; י. בערנשטיין, פאָרזיצער פון ייד. אַרב. קאָמיטעט אין דעטראָיט; און יעקב סיגעל, פאָרזיצער פון ייד. אַרב. קאָמיטעט אין שיקאַגאָ. אַלע דריי זיינען געווען פון די ערשטע גרינדער און פּיאָנערן פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט.

העלד האָט געמאַכט אַן אַנאַליז פונעם גאַנג פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט דורך די דרייסיק יאָר פון זיין עקסיסטענץ.

דער גרויסער עולם האָט זייער וואַרעם באַגריסט דעם נעגער פירער א. פיליפּ ראַנדאָלף, וועלכער האָט אין אַ קורצער רעדע שטאַרק געלויבט די ראָל פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט אין קאַמף פאַר ציווילע רעכט.

דעם גרוס פון קענעדער יידישן אַרבעטער קאָמיטעט האָט געבראַכט זיין פאָרזיצער, מייקעל רובינשטיין.

די קאָנווענשאָן איז באַגריסט געוואָרן פון קלאָוד דזשאָדוואָן, פון קאַנאַדער קאָנגרעס אָוו לייבאָר (א.פ.ל.־סי.אַי.אָ.) וועלכער האָט באַטאָנט די געמיינזאַמע צילן פון דעם יידישן אַרבעטער קאָמיטעט אין קאַנאַדע, מיט דער גאַנצער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט.

נאָך אָט די פייערלעכקייטן איז די קאָנווענשאָן תיכף אַריבערגעגאַנגען צו די באַריכטן וועגן דער טעטיקייט.

ב. טאַבאַטשינסקי, עקזעקוטיוו סעקרעטאַר פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט, האָט אָפּגעגעבן דעם אַלגעמיינעם באַריכט פאַר די דרייסיק יאָר עקסיסטענץ פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט. דער נאַציאָנאַלער דירעקטאָר, עמנואל מוראַווטשיק האָט באַריכטעט וועגן דער טעטיקייט פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט אין די יידישע קאָמיוניטי קאַונסילס. אַ קיצור פון די צוויי באַריכטן איז צוגעשיקט געוואָרן באַזונדער צו די טוערס פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט.

די שבתדיקע סעסיע איז אין גאַנצן געווידמעט געווען די פאָרשלאָגן וועגן אָרגאַניזאַציאָנעלע און פּראָגראַמאַטישע פאָרמולירונגען פאַר דער וויטערדיקער טעטיקייט פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט. דעם פאָרזיץ האָט געפירט טשאַרלס זימערמאַן.

די דריי קאָמיסיעס, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט דער צוגרייטונג פון די ברייט־פאַרמאָסטענע פאָרמולירונגען אויף די געביטן פון אָרגאַניזאַציע, אויפבוי און טעטיקייט־פּראָגראַם, האָבן אָפּגעהאַלטן באַזונדערע קאָמיסיע־באַראַטונגען (פּאַנעלס) אין וועלכע אַלע פראַגן זיינען זייער גרינדלעך אַרומגערעדט געוואָרן. די קאָמיסיעס זיינען געווען: וועגן דער ראָל פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט אין דער יידישער געמיינדע (פּאָרזיצער י. מינקאָוו); וועגן יידישן אַרבעטער קאָמיטעט אין דער אַרבעטער באַוועגונג און אין דער אַלגעמיינער קאָמיוניטי (פּאָרזיצער י. ה. גאָלדבערג) און וועגן אָרגאַניזאַציע און אויפבוי (פּאָרזיצער י. צוקערמאַן).

אויף דער פּלענאַרער זיצונג האָבן די אויבן דערמאָנטע פּאָרזיצערס פון די דריי קאָמיסיעס אָפּגעגעבן זייערע באַריכטן וועלכע זיינען אָנגענומען געוואָרן פון דער קאָנווענשאָן.

אַ באַריכט וועגן דער טעטיקייט פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט אין קאַנאַדע האָט אָפּגעגעבן דער פּאָרזיצער מייקעל רובינשטיין.

וואַרעמע באַגריסונגען זיינען צוגעשיקט געוואָרן צו דער קאָנווענשאָן פון דעם פּרעזידענט לינדאָן ב. דזשאָנסאָן און וויצע־פּרעזידענט הוירבערט האַמפרי. די באַגריסונגען זיינען איבערגעגעבן געוואָרן אויף דעם קאָנווענשאָן באַנקעט וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן שבת אָוונט.

ביי דעם באַנקעט האָט אויך גערעדט דער קאָנגרעסמאַן טשעט האָליפילד, טשערמאַן פון דער אַטאָמיק ענערדזשי קאָמישאָן.

אַ גאַסט דעלעגאַט פון פראַנקרייך איז געווען כּ. שראַגער, דירעקטאָר פון „אָרט". ער האָט באַגריסט די קאָנווענשאָן אין אַ שטאַרקער רעדע, אָנווייזנדיק אויף די נויטן און באַדערפענישן פון דעם יידישן ישוב אין אייראָפּע.

אויף דער פּלענאַרער סעסיע, זונטאָג, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אונטערן פּאָרזיץ פון טש. זימערמאַן איז נאָך אויסגעהערט געוואָרן אַ באַריכט פון דער קרעדענשאַל קאָמיטע אָפּגעגעבן פון י. באָרענשטיין.

די דעלעגאַטן זיינען געקומען פון 54 שטעט אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע. העכער 30 טרייד יוניאָנס זיינען געווען פאַרטראָטן און אַ גרויסע צאָל ברענטשעס פון אַרבעטער־רינג.

אין נאָמען פון רעזאָלוציע־קאָמיטעט האָבן רעפערירט מ. רובינשטיין פון קאַנאַדע און ב. געבינער פון ניו יאָרק. עס זיינען אָנגענומען געוואָרן די רעזאָלוציעס וועלכע מיר גיבן איבער ווייטער אונטן. אין נאָמען פון „בונד" האָט ד"ר ע. שערער דערקלערט, אַז די בונדיסטן־דעלעגאַטן האַלטן זיך אָפּ פון שטימען פאַר אַ טייל פאַרשלאַגן, מיט וועלכע זיי זיינען נישט איינשטימיק.

עס זיינען אויסגעקליבן געוואָרן די נאַציאָנאַלע באַאַמטע: א. העלד, פּרעזידענט; ד. דובינסקי, טרעזשורער; י. צוקערמאַן, ערשטער וויצע־פּרעזידענט; טשאַרלס זימערמאַן, פּאָרזיצער פון נאַציאָנאַלן אַדמיניסטראַטיוון קאָמיטעט; ב. טאַבאַטשינסקי, עקזעקוטיוו סעקרעטאַר; עמנואל מוראַוועטשיק, נאַציאָנאַלער דירעקטאָר; יעקב פּאַט, סעקרעטאַר עמעריטוס.

# רעזאָלוציעס

## אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון אַמעריקע

### 1. אַ רעפּרעזענטאַטיווע קערפּערשאַפט
### פון דער ליבעראַלער אַרבעטער־באַוועגונג

דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט האָט ביי זיין גרינדונג איבערגענומען אַ ריי אויפגאַבן:

ווי דער פאָרשטייער פון פרייע דעמאָקראַטישע יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס איז ער געוואָרן דער וואָרטזאָגער פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, נעמענדיק אַ שטעלונג צו אַלע זייטן פון יידישן לעבן, פונעם שטאַנדפונקט פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

אין דער זעלבער צייט איז דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט אויך געוואָרן אַ וויכטיקע הילף־אָרגאַניזאַציע פאַר יידן און ניט־יידן, העלפנדיק דער אַרבעטער־באַוועגונג אין קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם, נאַציזם און פאַשיזם. אויף ווי ווייט דאָס איז נויטיק געווען, האָט ער באַווירקט די אָנפירונג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין אויסלאַנד צו אַקטיוויטעט אין דעם זעלבן גייסט. אין נאָך־מלחמה פעריאָד איז דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט געוואָרן אַ צענטער פאַר דער רעהאַביליטאַציע און פאַרן ווידער־אויפבוי פון יידישע אַרבעטער־ און קולטור־אינסטיטוציעס אין אַ סך לענדער.

דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט האָט רעאַגירט הן אויף די אינערלעכע און הן אויף די אויסערלעכע געפאַרן וואָס האָבן זיך גענומען פון די פראָבלעמען פון דער צייט: די אַנטיסעמיטישע רעאַקציאָנערע כוחות פון די פאַראייניקטע שטאַטן אין היטלער פעריאָד, די פאַרשפאַרטע און צום אומקום באַשטימטע יידישע קהילות פון אייראָפּע, די פאַרשיידענע פראָבלעמען וואָס האָבן זיך געשטעלט פאַרן יידישן פאָלק פאַר דער גרינדונג פון מדינת ישראל און דאָס פראָבלעם פון המשך און קיום פון יידישן פאָלק איבער דער וועלט.

די צייטן האָבן זיך געביטן: נייע פראָבלעמען זיינען אויפגעקומען. טייל טעטיקייטן פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט אויפן געביט פון „לייבאָר־רעליף" זיינען אָפּגעשוואַכט געוואָרן. דאָס מיינט נישט, אַז אַזאַ אָפּגעשוואַכטע טעטיקייט קען נישט ווידער אויפגעלעבט ווערן, וויבאַלד עס זאָל זיך שאַפן אַ נייע נויטווענדיקייט דערצו. ווען עס וואָלט נויטיק געווען וואָלט דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט געקענט שאַפן נאָך אַ ברייטערע פּראָגראַם פון הילף ווי פריער. אָבער,

אַזוי ווי די סיטואַציע איז היינט, פירט זיך די הויפּט־טעטיקייט פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט אויפן געביט פון קאָמיוניטי־באַציאונגען און קולטור־אַרבעט (קאָמיוניטי־באַציאונגען נעמען אַריין קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם, דיסקרימינאַציע אין אַרבעט און קאַמף קעגן ראַסן־דיסקרימינאַציע (דג״ל).

די אָרגאַניזירטע יידישע קאָמיוניטי שאַצט אָפּ די דאָזיקע טעטיקייט פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט און באַטראַכט אים ווי די רעפּרעזענטאַטיווע קער־פּערשאַפט פון דער ליבעראַלער אַרבעטער־באַוועגונג.

מעגלעך אַז די וואָס באַטראַכטן דעם יידישן אַרבעטער קאָמיטעט אין דער ערשטער ריי ווי אַן אָרגאַניזאַציע פאַר רעליף, זיינען נישט צופרידן מיט אָט דער ריכטונג, וואָס זעט אויס ווי אַ נייע אָריענטאַציע פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט; אָבער דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט האָט פאַקטיש נישט געביטן זיין שטעלונג און ער שטרעבט צו די זעלבע צילן ווי פריער. געביטן האָט זיך נאָר די באַטאָנונג פון איין טייל פון זיינע טעטיקייטן. דאָס האָט געמוזט געשען צוליב די נייע באַדערפענישן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן.

---

## 2. די הויפּט־פונקטן פון דער טעטיקייט פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט קענען פאָרמולירט ווערן אַזוי:

א) אַרבעט פאַרן קיום פון יידישן פאָלק.

ב) אַלוועלטלעכע פאַרבונדנקייט פון יידישן לעבן און פון די יידישע געמיינדעס אומעטום: אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אין ישראל און אין אַנדערע לענדער.

ג) די עיקר אידעאַלן פון דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם, פון דער אַרבעטער־באַוועגונג און פון „וועלפעיר סטייט״.

ד) פאַרזיכערונג פון די יידיש־עטישע און סאָציאַלע ווערטן, ספּעציעל יענע ווערטן אויף וועלכע עס שטיצן זיך די אידעאָלאָגיעס און די שטרעבונגען פון סאָציאַליזם און פון דער אַרבעטער־באַוועגונג.

ה) אַ פרייע געזעלשאַפט וואָס נאָר זי קען פאַרזיכערן די שעפערישע טעטי־קייט פון יידישן פאָלק.

---

## 3. די טעטיקייט פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט ווערט דיקטירט פון די אויבן פאָרמולירטע אויפגאַבן:

א) יידישע קולטור און יידישע דערציאונג; קינדער־שולן פאַר יידישער קולטור און דערציאונג; קורסן פאַר דערוואַקסענע; יידיש־אונטעררינכט אין היי־סקולס און קאַלעדזשעס.

ב) פאַרוואָרצלען אין דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפט אין דער יידישער קאָמיו־ניטי דעם באַגריף פון פּלוראַליזם; פולע באַטייליקונג מיט אַלע רעכט און פליכטן און מיט פולער אָנערקענונג פון דער גלייכווערטיקייט פון יעדער גרופּע. קיין שום גרופּע זאָל ניט צוגעטיילט ווערן אַ מאַיאָריטעט אָדער מינאָריטעט סטאַטוס.

ג) אַרבעטן פאַר אַ יידישער געמיינדע געבויט אויף די פּרינציפּן פון פרייוויליקער מיטאַרבעטערשאַפט און קאָאָפּעראַציע און אָנערקענען דעם פּרינציפּ פון פּלוראַליזם אין יידישן לעבן, וואָס גיט פולע פרייהייט צו אַנטוויקלען פאַרשיידענע שטאַנדפּונקטן און אידייען.

ד) פאַרשטאַרקן די יידישע קאָמיוניטיס אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אין נאַציאָנאַלן און לאָקאַלן פאַרנעם: ספּעציעל דערמוטיקן די באַטייליקונג אין קאָמיוניטי אָרגאַניזאַציעס, פעדעראַציעס, קאַונסילס און נאַציאָנאַלע שטרעבונגען, ווייל עס דאַרף אָנערקענט ווערן, אַז די דעמאָקראַטיע אין אַ וואָלונטאַריסטישער געזעלשאַפט קען זיך אויסדריקן נאָר דורך באַטייליקונג און דורך אַקטיוויטעט.

ה) באַטייליקן זיך אין די „דזשואיש קאָמיוניטי רילייישאָנס קאַונסילס” און פאַרשטאַרקן זיי. זיי זיינען אויפגעבויט אויף די זעלבע פּרינציפּן: קאָאָפּעראַציע, פּלוראַליזם און באַטייליקן זיך אין דער געמיינדע.

ו) אונטערשטרייכן די פליכט פון דער קאָמיוניטי אַלס אַ גאַנצע — און ספּעציעל פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט — אָנצואווענדן אונדזער שטרעבונג צו סאָציאַלן יושר, אויף אַמעריקאַנער פּראָבלעמען. דאָס מיינט: באַטייליקונג אין דעם קאַמף פאַר ציווילע רעכט, פאַר ציווילע פרייהייטן, פאַר אָפּטיילן קירך און שטאַט, פאַר באַטייליקונג אין דעם קאַמף קעגן אָרעמקייט, אין דעם קאַמף פאַר גלייכע עקאָנאָמישע געלעגנהייטן אין לאַנד.

ז) שטויסן די קאָמיוניטי אויף די אַלע געביטן צו אינטענסיווער פּראַקטישער אַרבעט.

---

## 4. פּראָגראַם פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט

### א) אין אַמעריקע:

נעמענדיק אין אַכט, אַז פאַרזיכערן די גלייכהייט פון עקאָנאָמישע מעגלעכקייטן און די פולשטענדיקע באַזייטיקונג פון אַנטיסעמיטיזם און אַלע פאָרמען פון ראַסיזם בכלל, איז מעגלעך נאָר דאַן ווען די געזעלשאַפט וועט אָננעמען ווי אַ באַזיס די אידעאַלן פון סאָציאַלער און אינדוסטריעלער דעמאָקראַטיע; איז דערפון געדרונגען אַז דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט באַקומט אַ באַזונדערן כאַראַקטער און אַ ספּעציעלע פאַראַנטוואָרטלעכקייט און אויך אין פיל פּרטים אַ ספּעציעלע פּראָגראַם.

אונדזער סאָציאַלע וויזיע דאַרף קריגן אַ פּראָגראַמאַטישן אויסדרוק, וואָס זאָל קלאָר מאַכן וואָס מיר האָפן צו דערגרייכן מאָרגן און וואָס מיר טוען היינט. צוזאַמען מיט דעם וואָס מיר טוען אין צוזאַמענהאַנג מיט אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, מוז זיין אַ שטרעבונג צו צילן וועלכע דרינגען אַרויס פון אונדזער אייגענער טראַדיציע און וואָס רעפּרעזענטירן אונדזער אייגענע שליחות.

אָט די צילן זיינען פאַר אונדז קלאָר היינט, אַזוי ווי אויך אין דער פאַרגאַנגענהייט. פּראָפעסיאָנעלע אַרבעטער און אינדוסטריעלע אַרבעטער האָבן אַ

גלייכן אינטערעס אין אונדזער פּראָגראַם פֿאַר אַ נייער אַמעריקע. לערער און נאָדל־אַרבעטער, אינזשינערן, טעקסטיל־אַרבעטער, בעקער, און אָט די אַלע וואָס בילדן צוזאַמען די קאָמפּליצירטע אינדוסטריעלע געזעלשאַפֿט, זיינען די טרעגער פֿון אונדזער אידייע. נישט וויניקער זיינען עס אויך די, וואָס אָן אַ חילוק פֿון דעם פּלאַץ וואָס זיי פֿאַרנעמען אין עקאָנאָמישן לעבן, שטרעבן זיי צו סאָציאַלן, עקאָנאָמישן און פּאָליטישן יושר, אַזוי ווי די סאָציאַליסטישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט עס אָנגעצייכנט. אויף זיי אַלע שטיצן מיר זיך, פֿון זיי רעקרוטירט זיך אונדזער מיטגלידערשאַפֿט.

כדי צו באַזייטיקן די אומגלייכהייטן וואָס רופֿן אַרויס מיספֿאַרשטענדענישן און שפּאַנונגען צווישן די גרופּן אין אונדזער אַמעריקאַנער קאָמיוניטי, דאַרפֿן מיר קלאָר מאַכן וועלכע רעוויזיעס מיר ווילן דורכפֿירן אין דער סאָציאַלער און עקאָנאָמישער סטרוקטור אין אַמעריקע, וואָס זאָלן פֿאַרזיכערן מאַקסימאַלע אַרבעטס־מעגלעכקייט און גלעגנהייטן פֿאַר יעדן יחיד. פֿאָרמולירנדיק אונדזערע באַלדיקע פּראָגראַמאַטישע טעטיקייטן און פּראָיעקטן, דאַרף מען אויך ניט פֿאַרזען די פֿאָדערונגען פֿאַר דער צוקונפֿט.

ס'איז שוין אַריבער די צייט פֿון אַלטמאָדישער פֿילאַנטראָפּיע, ווען די עטאַבלירטע גבירים האָבן געגעבן צדקה די אָרעמע אימיגראַנטן. די יידישע געמיינדע באַדינט אויך היינט די נויטבאַדערפֿטיקע און די אונטערפּריווילעגירטע אָבער די יידישע פֿעדעראַציעס פֿון היינט פֿירן דורך אַ דינסט אויף אַ גאַנץ אַנדער באַזיס. דאָס מיינט אַ דינסט פֿאַר דער קאָמיוניטי ווי אַ גאַנצע, פֿאַר אַלע סאָציאַלע שיכטן. דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט קען אויפֿטאָן אַ סך דורכצופֿירן דעם נייעם פּרינציפּ פֿון קאָמיוניטי טעטיקייט דורך אַקטיווער אַרבעט אין די ראַמען פֿון די פֿעדעראַציעס.

אין ניו־יאָרק האָט אָט די טענדענץ צו אַ פֿאַרברייטערונג פֿון דער „קאָמיוניטי סוירוויס" נישט געלאָזט זיך אַזוי שטאַרק פֿילן. דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט דאַרף זיך נעמען אַרבעטן פֿאַר אַ קאָמיוניטי אויפֿבוי וואָס זאָל זיין אַוועקגעשטעלט נישט נאָר אויף פֿילאַנטראָפּישע באַדערפֿענישן, נאָר אויף אַלע נויטן פֿון דער יידישער געמיינדע. מיר דאַרפֿן דערמוטיקן אַזאַ אַרבעט און נעמען אַ ברייטן אָנטייל אין אַזאַ קאָמיוניטי.

## ב) מעבר לים

העלפֿן פֿאַרשטאַרקן יידיש לעבן אין אַנדערע לענדער דורך הילף־טעטיקייט און דורך העלפֿן אויפֿבויען אָרגאַניזירטע קהילות, דורך דערציאונגס־אַרבעט, באַטייליקונג אין יידישע וועלט־אָרגאַניזאַציעס ווי „קאָדזשאַ", אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס און טרייד־יוניאָנס, עפֿענען אַן אָפֿיס פֿון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט אין אייראָפּע. וואו עס איז נאָר מעגלעך אין אייראָפּע און דרום־אַמעריקע זאָלן אָרגאַניזירט ווערן קערפּערשאַפֿטן מיט ענלעכע פֿונקציעס ווי דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט. זיי זאָלן האָבן די אויפֿגאַבע צו קעמפֿן קעגן אַנטיסעמיטיזם און בכלל צו פֿירן אַן אַרבעט אויפֿן געביט פֿון מענטשן־רעכט. זיי זאָלן אָנ־

האַלטן ענגע באַציאונגען מיט די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס פון זייערע לענדער און מיט דער יידישער געמיינדע.

ג) ישראל

פולע שטיצע פאַר מדינת ישראל צו פאַרזיכערן איר קאַמף פאַר קיום און איר עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג.

העלפן אַנטוויקלען ענגערע פאַרבינדונגען צווישן דער יידישער געמיינדע אין אַמעריקע און מדינת ישראל, צווישן אַמעריקאַנער יידישע אַרבעטער אָר־גאַניזאַציעס און אָרגאַניזאַציעס אין ישראל אד״גל.

ד) וועגן דורכפירונג פון פּראָגראַם

די טעטיקייט פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט אויפן געביט פון יידישע קאָמיוניטיס דאַרף זיין אַן אינטענסיווע, אָבער דאָס מיינט ניט אַז עס וועלן זיך פאָדערן באַזונדערע פּראָפעסיאָנעלע מיטאַרבעטער אויף אָט דעם געביט.

אונדזער קאָמיסיע האָט די אויפגאַבע צו אַנאַליזירן די איצטיקע טעטיקייט פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט אויפן געביט פון געמיינדע־לעבן און אָנצייכענען פּראָגראַמען פאַר דער צוקונפט פאַר דעם דאָזיקן צוועק.

# אין קאָאָפּעראַציע מיט „לייבאָר״ און מיט דער יידישער קאָמיוניטי

כמעט אַ פערטל יאָרהונדערט צייט גיט־אָפּ דער יידישער אַרבעטער קאָמי־טעט אַ גרויסן טייל פון זיינע כוחות אויף דער אַרבעט צו פאַרזיכערן גלייכהייט פאַר אַלע אַמעריקאַנער. כדי צו באַנעמען, ווי גרויס עס איז די דאָזיקע אויפגאַבע, דאַרף מען נאָר אַ טראַכט טאָן ווי גרויס ס׳איז געווען דער געביט פון פאָראורטייל און דיסקרימינאַציע אין אַלע טיילן פון לאַנד אין די 40ער יאָרן ווען דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט האָט אָנגעהויבן אָט די פּיאָנערישע אַרבעט.

לאָמיר דאָ נאָר דערמאָנען, אַז אַן אָרגאַניזאַציע פון יידישע טרייד־יוניאָניסטן האָט געמוזט אָפּעלירן צו דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג פאַר הילף אין קאַמף צו שטאַרקן די דעמאָקראַטיע דאָ אין לאַנד. ס׳איז געווען אַ נאַטיר־לעכע און לאָגישע אַנטוויקלונג: דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט ווי אַן אָר־גאַניזאַציע פון טרייד־יוניאָניסטן וואָס האָט געהאַט די טיפסטע געפילן פאַרן גורל פון דעמאָקראַטישע פעלקער און באַוועגונגען אונטערן רעזשים פון נאַציזם און קאָמוניזם, האָט זיך געווענדעט צו דער אַרבעטער־באַוועגונג ווי צו אַ נאַטירלעכן פאַרבינדעטן אין קאַמף צו פאַרפעסטיקן די דעמאָקראַטיע אין אַמעריקע. די פירער פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט האָבן געוואוסט פון זייערע אייגענע דערפאַרונגען, אַז אומגערעכטיקייט לגבי מינאָריטעט גרופּן, דאָס אָפּזאָגן

זיי די גלייכע מעגלעכקייטן גראָבט אונטער די זיכערקייט און דעם וואוילזיין פון דער גאַנצער באַפעלקערונג.

## סיוויל רייטס־פּראָגראַם פאַר טרייד־יוניאָנס

דער באַשלוס פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט אויפצושטעלן אַ פּראָגראַם פון קאַמף פאַר גלייכע רעכט אין די אינדוסטריעלע צענטערן אין אַמעריקע און קאַנאַדע האָט באַגעגנט די פולע פאַרשטענדעניש פון אַלע טיילן פון דער אַר־בעטער־באַוועגונג, סיי פון די מיטגלידער און סיי פון דער אָנפירונג. עס זיינען דורכגעפירט געוואָרן פּראָגראַמען צוגעפּאַסט צו די עקזיסטירנדיקע נויטווענ־דיקייטן. עס זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן לייבאָר־קאָמיטעטן צום קאַמף קעגן אומטאָלעראַנץ אונטער דער אָנפירונג פון לאָקאַלע טרייד־יוניאָן־פירער. באַלד זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן אין קאַמף קעגן דיסקרימינאַציע סטייט און סיטי־קערפּערשאַפטן פון די טרייד־יוניאָנס און אויך אינטערנעשאָנאַלס. נאָך אַ שטיק צייט פון אַרבעט זיינען אָט די קאָמיטעטן איינגעגלידערט געוואָרן אין די סטייט־און סיטי־פעדעריישאָנס. אין דער זעלבער צייט זיינען אינטערנע־שאָנעלס באַזאָרגט געוואָרן מיט וויכטיקע מאַטעריאַלן פאַר דער אַרבעט. אין קורצן זיינען אַ היפּשע צאָל יוניאָנס גרייט געווען צו שאַפן זייערע אייגענע אָפּטיילונגען. דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט האָט זיי געשטיצט און זיי פאַר־זאָרגט מיט פירערשאַפט און אויך מיט רעסורסן.

ביז נישט לאַנג צוריק, קאָן מען זאָגן, אַז כמעט אַלע פּראָגראַמען וואָס זיינען דורכגעפירט געוואָרן פון די אָרגאַניזאַציעס א.פ.ל.־סי.אַי.אָ. אין קאַמף פאַר גלייכע רעכט, האָבן געהאַט זייער אָנהייב אין די באַמיאונגען פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט. אונטער אונדזער פירערשאַפט זיינען אינסטיטוטן פון טרייד־יוניאָנס פאַר ציווילע רעכט געוואָרן אַ שטענדיקע איינפירונג אין שטעט איבערן גאַנצן לאַנד: עס זיינען באַזאָרגט געוואָרן ליטעראַטור און אַנדערע וויכטיקע מאַטעריאַלן (פילמען אד״גל) פאַר דער טעטיקייט פון די יוניאָנס. ביי קאָנווענשאָנס זיינען אַריינגעטראָגן געוואָרן אַנטשפּרעכנדיקע רעזאָלוציעס, קורסן זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן פאַר אַרבעטער און דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט האָט באַזאָרגט די נייטיקע ליטעראַטור. דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל ווי דאָס פּראָבלעם פון דיסקרימינאַציע און פאָראורטייל איז באַהאַנדלט געוואָרן אויף אָט דעם אופן.

דעם יידישן אַרבעטער קאָמיטעט האָט זיך אויך איינגעגעבן צו באַווירקן די אַרבעטער־באַוועגונג, אַז זי זאָל זיך אָפּזאָגן פון איר טראַדיציאָנעלן קאָנסער־וואַטיוון שטאַנדפּונקט אין אַ סך פראַגן: זי זאָל נעמען אַ פּאָזיטיווע שטעלונג צו אַ ליבעראַלער אימיגראַציע־פּאָליטיק, זי זאָל שטיצן די פאָדערונג פאַר אַ פעדעראַלן עפּ־אי־פּי־סי. דאָס אַלץ איז געוואָרן אַ טייל פון די פאָדערונגען פון דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג — אַ נייע אָריענטאַציע, להיפוך צו איר פריערדיקער שטעלונג.

## נאַציאָנאַלער טרייד־יוניאָן קאָונסיל פאַר מענטשן־רעכט

זינט 1956 האָט דער נאַציאָנאַלער טרייד־יוניאָן קאָונסיל פאַר מענטשן־רעכט אָנגעפירט מיט דער סיוויל רייטס־אַרבעט פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט. אָט די קערפּערשאַפט פון 200 מיטגלידער האָט פאַרברייטערט די באַזע פון דער טעטיקייט פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט. זי האָט געעפנט נייע וועגן פאַר הילף און מיטאַרבעט פון יוניאָן־פירער וואָס זיינען נאָך פריער נישט געווען פאַרבונדן מיטן יידישן אַרבעטער קאָמיטעט און געשטאַנען פון דער ווייטנס.

דער נאַציאָנאַלער טרייד־יוניאָן־קאָונסיל האָט אויך גענומען אויף זיך די אויפגאַבע איבערצוקוקן די פּראָגראַמען פון טעטיקייט פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט כדי צו פאַרהיטן, אַז עס זאָל נישט פאָרקומען קיין דופּליקאַציעס מיט פּראָגראַמען פון דער א.פ.ל.־סי.אַי.אָ. מיט 20 יאָר צוריק, ווען דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט האָט איינגעפירט די פּרעסע בולעטינען פון „לייבאָר רעפּאָרטס״, האָט די לייבאָר־פּרעסע נאָך נישט פאַרמאָגט קיין אַנדערע קוואַלן פאַר נייס, פאַר קאַריקאַטורן („קאַרטונס״) און אַרטיקלען פון אָט דעם מין ווי עס זיינען געבראַכט געוואָרן אין „לייבאָר רעפּאָרטס״. די גרויסע צאָל צייטונגען וואָס האָבן זיך באַנוצט מיט די דאָזיקע מאַטעריאַלן, איז דער בעסטער באַווייז, אַז די דאָזיקע אויסגאַבע איז געווען זייער אַ וויכטיקע. מיט יאָרן שפּעטער, ווען עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די א.פ.ל.־סי.אַי.אָ. „ניוס״ און אַנדערע ברענגען די זעלבע אינפאָרמאַציע, האָט מען אָפּגעשטעלט „לייבאָר רעפּאָרטס״.

## קאָאָפּעראַציע מיטן סיוויל רייטס־דעפּאַרטמענט

## פון א.פ.ל.־סי.אַי.אָ.

אין דער א.פ.ל.־סי.אַי.אָ. ווערן לעצטנס געמאַכט באַמיאונגען צו פאַרשטאַרקן דעם קאַמף פאַר גלייכע רעכט. האָט דער נעשאָנעל טרייד־יוניאָן־קאָונסיל באַשלאָסן מער ווי ביז אַהער צו קאָאָרדינירן זיין טעטיקייט מיט א.פ.ל.־סי.אַי.אָ., כדי אויסצומיידן דופּליקאַציעס. די טוערס פון דעם נאַציאָנאַלן טרייד־יוניאָן־קאָונסיל וועלן נאָך זאָרגן דערפאַר, אַז יוניאָנס וואָס באַנוצן זיך מיט די הילף־מיטלען פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט זאָלן אויך געבן אַ גרעסערן צושטייער פאַר די הוצאות פון דער דאָזיקער אַרבעט.

## די קאָאַליציע ווערט פאַרשטאַרקט

דער רעאַליסטישער צוגאַנג פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט צו די נייע אַנטוויקלונגען האָט זייער גוט געווירקט אויף דער אַרבעט, ספּעציעל אין די לעצטע יאָרן. איצטער זיינען מיר, למשל, אין אַ פּאָזיציע, אַז מיר קענען זיך באַנוצן מיט אונדזערע רעסורסן און אונדזערע דערפאַרונגען אין קאַמף קעגן אָרעמקייט און פאַר די אַנדערע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע פּראָגראַמען, וואָס זיינען באַזירט אויף די באַדערפענישן פון דעם וועלפער־סטייט.

די קאָאַליציע פון לייבאָר, סיוויל רייטס און ליבעראַלע כוחות אין לאַנד האָט שוין געבראַכט וויכטיקע רעזולטאַטן: דעם סיוויל רייטס־אַקט פון 1964 (וואָס האָט נישט זיין גלייכן אין דער ביז איצטיקער געשיכטע פון אַמעריקע), דאָס געזעץ פאַר שטים־רעכט פון 1965, מעדיקעיר, און לסוף די פאַרשטאַרקטע אָנשטרענגונגען פון דער רעגירונג אין קאַמף קעגן אָרעמקייט און אַרבעטס־לאָזיקייט. דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט שטאָלצירט דערמיט, וואָס זיינע פירער זיינען געווען צווישן די ערשטע צו פאַרשטיין, ווי וויכטיק ס׳איז אָט דער בונד פון די ליבעראַלע כוחות פאַר דער צוקונפט פון אַמעריקע. מיר באַטראַכטן די שטאַרקונג פון אָט דעם בונד פאַר אַ צענטראַלער נויטווענדיקייט, מיר ווילן פאַראייניקן אונדזערע כוחות מיט אַלע די וואָס שטייען אויף דעם זעלבן שטאַנדפונקט, כדי דער בונד זאָל האָבן אַ זיכערן קיום.

## די צוויי פונקציעס פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט

אַן אַנדער פונקט פון גרויס באַדייטונג פאַר דעם נאַציאָנאַלן טרייד־יוניאָן־קאָונסיל — וואָס איז אייגנטלעך געווען דער עיקר פון דער פּראָגראַם פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט, פון סאַמע אָנהייב — איז אונדזער פונקציע צו געווינען די יידישע מאַסן פאַר די אינטערעסן פון לייבאָר און פאַרקערט צו ברענגען די אַרבעטער־באַוועגונג דערצו, אַז זי זאָל פאַרשטיין די אינטערעסן פון דער יידישער קאָמיוניטי און זיי שטיצן.

אין לויף פון יאָרן איז אָט דאָס קעגנזייטיקע פאַרשטיין געווען פון גרויס באַדייטונג פאַר ביידע גרופּן. אין דער צייט פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט די אַרבעטער באַוועגונג זיך אָפּגערופן אויף די באַמיאונגען פון דער יידישער געמיינדע צו העלפן דעם אייראָפּעאישן יידנטום. ווען די יידישע געמיינדע פון אַמעריקע האָט געפירט דעם קאַמף צו ראַטיפיצירן דעם דזשענאָ־סייד־פּאַקט, צו פאַרלענגערן דעם סטאַטוס פון לימיטאַציע פאַר נאַצי־פאַרברעכנס אין דייטשלאַנד, פאַר די רעכט פון די סאָוועטישע יידן — אין דער צייט ווען עס ווערט געפירט דער קאַמף פאַר אָט די פאָדערונגען, שטייט די אָרגאַניזירטע אַרבעטער־באַוועגונג אינגאַנצן אויף דער זייט פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט.

די סיטואַציע האָט זיך איצט געביטן. איצטער נויטיקט זיך די אַרבעטער־באַוועגונג אין נייע פאַרבינדעטע דורכצופירן איר פּראָגראַם פון: העכערן דעם מינימום־לוין אויסברייטערן זיין ווירקונג אויף גרעסערע אַרבעטער מאַסן, אָפּ־שאַפן דאָס געזעץ וועגן „רעכט אויף אַרבעט״ און אָרגאַניזירן די ניט־אָרגאַניזירטע אַרבעטער. ס׳איז אונדזער חוב צו געווינען די הילף פון דער יידישער קאָמיוניטי פאַר די דאָזיקע פאָדערונגען.

## דערגרייכן די יידישע גייסטיקע אַרבעטער

אין דער יידישער געמיינדע איז פאָרגעקומען אַ גרויסע סאָציאַלע ענדערונג. די צאָל מיטגלידער אין די יידישע נאָדל־פאַכן האַלט אין איין פאַלן. די קינ־דער פון די אַרבעטער שטייגן אויף אין פּראָפעסיאָנעלע באַשעפטיקונגען. אָט

דאָ דאַרף מען זוכן די צוקונפט פון דער אַרבעטער־באַוועגונג און דאָ קאָן דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט אויפטאָן זייער וויכטיקע אַרבעט. אָט די אָריענ־טאַציע וועט דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט אָננעמען אין די קומענדיקע יאָרן. דער פּלאַן זיך צו פאַרזיכערן די שטיצע פון דער נייער ווייסע־קאָלנערס אַרבעטערשאַפט וועט זיין באַגלייט פון די באַמיאונגען צו ברענגען די יידישע אַרבעטער אומעטום אין אַ נאָענטער באַרירונג מיט דער פּראָגראַם פון דער יידישער קאָמיוניטי, מיט אונדזער שטעלונג. דער פּלאַן צו דערגרייכן נייע רעסורסן פאַר אונדזערע צוועקן און פאַר די צוועקן פון דער אַרבעטער־באַ־וועגונג אין אַלגעמיין וועט אַנטהאַלטן אין זיך אויך אַ פּלאַן צו שטאַרקן אונדזערע שעפערישע באַמיאונגען צו ברענגען יידישע אַרבעטער אין אַן ענגער פאַרבינ־דונג מיט דער יידישער קאָמיוניטי און מיט אונדזער טעטיקייט אין אַלגעמיין.

## שפּאַנונגען צווישן נעגערס און יידן

פון די אַלע אויפגאַבן וועלכע מיר האָבן דאָ דערמאָנט איז די וויכטיקסטע צו דערוועקן דאָס פאַרשטענדעניש צווישן דער נעגערישער און דער יידישער געמיינדע. דער געשפּענסט פון אַנטיסעמיטיזם ביי נעגערס און דער געשפּענסט פון ראַסיסטישן פאָראורטייל וואָס דרינגט אַריין אין אונדזער געזעלשאַפט, דאַרף זיין אונדזער גרעסטע זאָרג. אין פילאַדעלפיע האָבן מיר אונטערגענומען אַ גרויסע אַקציע אין אָט דער ריכטונג און מיר האָבן דערגרייכט וויכטיקע רעזולטאַטן.

דאָרט, אין פילאַדעלפיע, איז געגרינדעט געוואָרן אַ קאָמיטעט פון נעגערישע און יידישע טרייד־יוניאָן־פירערס, וואָס קומען זיך צוזאַמען אויף באַראַטונגען צו רעאַגירן אויף ראַסן־שפּאַנונגען כדי אויסצומיידן קאָנפליקטן. מיר האָפן צו שאַפן אַזעלכע קאָמיטעטן אין פאַרשיידענע טיילן פון לאַנד. מיר האָפן אויך, אַז צוליב אונדזער פאַרבינדונג מיט די נעגער־פירער זאָלן געמאַכט ווערן באַ־מיאונגען אין דער נעגערישער און אין דער יידישער געמיינדע צו אַרבעטן אין אָט דער ריכטונג. די יידישע געמיינדע מוז אָננעמען די נויטיקע מיטלען צו באַווירקן די יידישע מאַסן אין זין פון די נעגערישע שטרעבונגען און די נעגערישע געמיינדע מוז נעמען אויף זיך צו אונטערדריקן מאַניפעסטאַציעס פון אַנטיסעמיטיזם, וואָס באַווייזן זיך פון צייט צו צייט דאָ און דאָרט.

## אַ בליק פאָרויס

דער קאַמף פונעם יידישן אַרבעטער קאָמיטעט פאַר אַ פרייער און דעמאָקראַ־טישער געזעלשאַפט וועט אינספּירירט ווערן פון דער איבערצייגונג, אַז די צילן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג און פון דער יידישער געמיינדע זיינען די זעלבע: דאָס וואוילזיין פון יעדער פון די דאָזיקע גרופּן איז אָפּהענגיק פונעם וואוילזיין פון דער צווייטער. אונדזערע באַמיאונגען אין דער פאַרגאַנגענהייט האָבן געוויזן, אַז מיר גייען אויף אָט דעם וועג. מיר דאַרפן אָבער פאַרזעצן צו זוכן בעסערע מיטלען אויף צו דערגרייכן געהעריקע דערפאָלגן. מיר וועלן וויי[ט]ער אַרבעטן

אין קאָאָפּעראַציע מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג, מיט דער יידישער געמיינדע און מיט אַלע גרופּן וואָס שטרעבן צו די זעלביקע צילן.

---

# אָרגאַניזאַציע און אויפבוי

צום יידישן אַרבעטער קען מען געהערן קאָלעקטיוו — דורך דער מיט־גלידערשאַפט אין אַן אָנגעשלאָסענער אָרגאַניזאַציע — אָדער אינדיווידועל. ביז איצט זיינען אָנגעשלאָסן אין יידישן אַרבעטער קאָמיטעט די פאָלגנדיקע אָרגאַ־ניזאַציעס: טרייד־יוניאָנס, פּאָרווערטס אַסאָסיאיישאָן, פּאַראייניקטע יידישע גע־ווערקשאַפטן, בונד, יידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד און אַחדות עבודה־פּועלי ציון. די וואָס ווילן ווערן אינדיווידועלע מיטגלידער פון יידישן אַרבעטער קאָ־מיטעט, דאַרפן אַריינטרעטן ווי מיטגלידער אין די אַנטשפּרעכנדיקע טשאַפּטערס.

דירעקט פאַרבונדן מיט דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע דאַרפן זיין די נאַציאָנאַלע קערפּערשאַפטן פון די אָנגעשלאָסענע אָרגאַניזאַציעס און די רע־גיאָנאַלע, סטייט־און לאָקאַלע קערפּערשאַפטן פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט. לאָקאַלע גרופּן און טשאַפּטערס דאַרפן באַלאַנגען דורך זייערע רעגיאָנאַלע און לאָקאַלע גרופּן פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט.

די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע דאַרף שאַפן ספּעציעלע קערפּערשאַפטן און גרופּן פון די אָנגעשלאָסענע אָרגאַניזאַציעס, ווי: דער נאַציאָנאַלער טרייד־יוניאָן־קאַונסיל, פרויען דיוויזיע, אַרבעטער־רינג דיוויזיע און אַנדערע. אָט די גרופּן זיינען באַשטימט פאַר ספּעציעלע פונקציעס אין יידישן אַרבעטער קאָ־מיטעט.

### נאַציאָנאַלע קאָנווענשאָן

די נאַציאָנאַלע קאָנווענשאָן דאַרף אָפּגעהאַלטן ווערן יעדן צווייטן יאָר. אין די אַנדערע יאָרן דאַרפן אַראַנזשירט ווערן קאָנפערענצן פון טרייד־יוניאָן־קאַונסיל און אַנדערע ספּעציעלע קאָנפערענצן.

אַלע אָנגעשלאָסענע גרופּן האָבן אַ רעכט צו זיין פאַרטראָטן אויף די קאָנ־ווענשאָנס: די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס, די רעגיאָנאַלע, סטייט און לאָקאַלע גרופּן פון דעם יידישן אַרבעטער קאָמיטעט. די צאָל דעלעגאַטן פאַר יעדער אָרגאַניזאַציע דאַרף באַשטימט ווערן דורך דעם נאַציאָנאַלן עקזעקוטיוו קאָ־מיטעט, וואָס רופט די קאָנווענשאָן. לאָקאַלע גרופּן פון דעם יידישן אַרבעטער קאָמיטעט וואָס זיינען באַרעכטיקט צו זיין פאַרטראָטן אויף די קאָנווענשאָנס, דאַרפן שיקן צו איין דעלעגאַט. טשאַפּטערס פון ספּעציעלע גרופּן זיינען באַרעכטיקט צו איין דעלעגאַט פאַר יעדע הונדערט מיטגלידער. נאַציאָנאַלע קערפּערשאַפטן און קאָמיטעטן דאַרפן אויך שיקן דעלעגאַטן. די הוצאות פון די דעלעגאַטן דאַרפן געדעקט ווערן פון די אָרגאַניזאַציעס וועלכע דעלעגירן זיי. דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטעט קאָן אָבער באַשטימען ביי ספּעציעלע אומשטענדן צו צאָלן סובסידיעס צו די הוצאות פון די דעלעגאַטן. אָרט און צייט

פון אַ קאָנוועגשאָן דאַרפן באַשטימט ווערן דורך דער פריערדיקער קאָנוועגשאָן אָדער דורך דעם נאַציאָנאַלן עקזעקוטיוו קאָמיטעט.

די נאַציאָנאַלע קאָנוועגשאָן דאַרף ווײלן די נאַציאָנאַלע באַאַמטע: דעם פּאָרזיצער און ערשטן וויצע־פּאָרזיצער, דעם פּאָרזיצער פון נאַציאָנאַלן אַדמיניסטראַטיוון קאָמיטעט, דעם סעקרעטאַר־טרעזשורער, דעם עקזעקוטיוו־סעקרעטאַר, דעם נאַציאָנאַלן דירעקטאָר, ערן־וויצע־פּרעזידענטן און נאָך אַנדערע נאַציאָנאַלע באַאַמטע, אויב דאָס וועט נויטיק זיין.

## דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטעט

דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטעט איז די העכסטע קערפּערשאַפט פון דער אָרגאַניזאַציע צווישן איין קאָנוועגשאָן און דער צווייטער. דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטעט דאַרף צוזאַמענגעשטעלט ווערן פון:

1. פינף פאָרשטייערס פון יעדער אָנגעשלאָסענער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע.

2. אויסגעקליבענע מיטגלידער דורך דער נאַציאָנאַלער קאָנוועגשאָן. זייער צאָל דאַרף באַטרעפן לכל הפחות די גלייכע צאָל פאָרשטייערס פון די אָנגעשלאָסענע אָרגאַניזאַציעס. מען דאַרף אַכטונג געבן, אַז צווישן די אויסגעקליבענע מיטגלידער זאָלן זיין פאָרשטייערס פון די לאָקאַלע גרופּן, פון די קאָונסילס און פון די דיוויזיעס;

3. די אויסגעקליבענע נאַציאָנאַלע באַאַמטע.

דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטעט זאָל אָפּהאַלטן זיינע זיצונגען נישט ווייניקער ווי צוויי מאָל אַ יאָר.

## נאַציאָנאַלער אַדמיניסטראַטיווער קאָמיטעט

דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטעט דאַרף אויסטיילן אַ נאַציאָנאַלן אַדמיניסטראַטיוון קאָמיטעט, וועלכער זאָל דינען ווי די העכסטע קערפּערשאַפט פון דער אָרגאַניזאַציע צווישן די איינצלנע זיצונגען פון נאַציאָנאַלן עקזעקוטיוו קאָמיטעט.

דער נאַציאָנאַלער אַדמיניסטראַטיווער קאָמיטעט דאַרף פאַרוואַלטן מיט די ענינים פון דער אָרגאַניזאַציע און אויסאַרבעטן פּלענער און פּראָגראַמען אין הסכם מיט די אַנטשיידונגען פון דער נאַציאָנאַלער קאָנוועגשאָן און דעם נאַציאָנאַלן עקזעקוטיוו קאָמיטעט.

דער נאַציאָנאַלער אַדמיניסטראַטיווער קאָמיטעט דאַרף צוזאַמענגעשטעלט ווערן פון די פאָרשטייערס פון די אָנגעשלאָסענע אָרגאַניזאַציעס, קאָונסילס און אינדיווידועלע מיטגלידער און די נאַציאָנאַלע באַאַמטע.

דער אַדמיניסטראַטיווער קאָמיטעט דאַרף אָפּהאַלטן זיינע זיצונגען צום ווייניקסטן ניין מאָל אַ יאָר.

## מיטגלידערשאַפט טשאַפּטערס

דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט דאַרף אָרגאַניזירן אַ מיטגלידערשאַפט־דיוויזיע, וואָס זאָל האָבן די אויפגאַבע צו געווינען פאַר דער אָרגאַניזאַציע יחידים־מיטגלידער וואָס זיינען איינשטימיק מיטן פּראָגראַם און מיט דער טעטיקייט פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט. אַזעלכע טשאַפּטערס זאָלן געשאַפן ווערן אומעטום וואו עס איז נאָר מעגלעך און זיי זאָלן אַריינגעצויגן ווערן אין דער אַרבעט פון דער אָרגאַניזאַציע.

די איצטיקע אָרגאַניזאַציע פון אינדיווידועלע מיטגלידער, וואָס איז געשאַפן געוואָרן פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט, נאַציאָנאַל אָדער לאָקאַל, דאַרף ווערן אַ טייל פון דער מיטגלידערשאַפט־דיוויזיע. אַזעלכע דיוויזיעס קאָנען געשאַפן ווערן לויט געאָגראַפישע טערמינען (למטל, ניו־יאָרקער טשאַפּטער, אַמאָל־גאַמייטעד־הייזער טשאַפּטער און אַנדערע) אָדער לויט באַזונדערע אינטערעסן (למשל, מאַנהעטן, פּרויען־טשאַפּטער, נעקווער־מייקערס טשאַפּטער, לאָיערס טשאַפּטער א. אַ. וו.). די מיטגלידער טשאַפּטערס דאַרפן זיין אָנגעשלאָסן אין די אַנטשפּרעכנדיקע רעגיאָנאַלע, סטייט־ און לאָקאַלע אָרגאַניזאַציעס פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט.

## קאַונסילס

קאָונסילס פאַר גרופּן פון ספּעציעלע אינטערעסן, לויט ווי ס'איז אויבן אָנגעוויזן געוואָרן, דאַרפן געשאַפן ווערן מיט דער צושטימונג פון נאַציאָנאַלן יידישן אַרבעטער קאָמיטעט. זיי קענען אויך געשאַפן ווערן דורך די אַנטשפּרעכנדיקע רעגיאָנאַלע, סטייט אָדער לאָקאַלע אָרגאַניזאַציעס פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט. זיי דאַרפן באַשטיין פון יחידים־מיטגלידער פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט, מיט באַזונדערע געמיינזאַמע אינטערעסן. עס קאָן אויך גע־זאָרגט ווערן דערפאַר, אַז אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס מיט ספּעציעלע אינטערעסן זאָלן זיין רעפּרעזענטירט אין קאָונסיל (דאָס הייסט טרייד־יוניאָנס זאָלן זיין פאַר־טראָטן אין טרייד־יוניאָן קאָונסיל, ברענטשעס פון אַרבעטער־רינג אין דער אַר־בעטער־רינג דיוויזיע א. אַ. וו.).

## לאָקאַלע אָרגאַניזאַציעס

די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע דאַרף שאַפן רעגיאָנאַלע, סטייט־ און לאָקאַלע אָרגאַניזאַציעס פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט. באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט דאַרף געלייגט ווערן אויף דער שאַפונג פון דער אָרגאַניזאַציע פון ניו־יאָרק סיטי אָדער פון גרייטער ניו־יאָרק. די לאָקאַלע אָרגאַניזאַציעס זאָלן אָנגערופן ווערן מיטן נאָמען פון דער שטאָט צוגעבנדיק די ווערטער „יידישער אַרבעטער קאָמיטעט". די לאָקאַלע אָרגאַניזאַציע דאַרף רעפּרעזענטירן די אָרגאַניזאַציע אויף איר געביט.

די לאָקאַלע אָרגאַניזאַציע באַשטייט פון די לאָקאַל־אָנגעשלאָסענע טיילן

פון נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס, פון לאָקאַלע טשאַפּטערס פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט און פון אַנדערע לאָקאַלע אָרגאַניזאַציעס.

דער לאָקאַלער קאָמיטעט פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט זאָל צוזאַמענ־געשטעלט ווערן אַזוי ווי דער נאַציאָנאַלער אַדמיניסטראַטיווער קאָמיטעט, נע־מענדיק אין אַכט די באַזונדערע לאָקאַלע אומשטענדן.

די לאָקאַלע אָרגאַניזאַציע דאַרף אויסקלייבן אַ פּאָרזיצער, אַ וויצע־פּאָרזיצער, אַ סעקרעטאַר, אַ קאַסירער און אַן עקזעקוטיוו קאָמיטעט, אין וועלכן עס דאַרפן זיין פאַרטראָטן די אָנגעשלאָסענע אָרגאַניזאַציעס.

לאָקאַלע אָרגאַניזאַציעס טאָרן נישט אָננעמען קיין באַשלוסן אין סתירה צו דער שטעלונג פון דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע פון יידישן אַרבעטער קאָ־מיטעט. זיי קענען אָננעמען באַשלוסן וועגן לאָקאַלע ענינים וואָס זיינען נישט אין סתירה צו דער נאַציאָנאַלער שטעלונג. אין פראַגן אין וועלכע די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע האָט נאָך נישט אָנגענומען קיין פעסטע שטעלונג, קאָן די לאָקאַלע אָרגאַניזאַציע נישט באַשליסן פאַר זיך אַליין אַ שטעלונג, איידער זי האָט זיך פאַרשטענדיקט וועגן דעם מיט דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע.

די לאָקאַלע קאָמיטעטן דאַרפן אָפּהאַלטן זייערע זיצונגען צום ווייניקסטן פיר מאָל אַ יאָר און אַן אַלגעמיינע קאָנפערענץ איין מאָל אין יאָר.

## אָפּצאָל און פינאַנסן

יעדע נאַציאָנאַל־אָנגעשלאָסענע אָרגאַניזאַציע דאַרף ביישטייערן פאַרן יידישן אַרבעטער קאָמיטעט צום ווייניקסטן 500 דאָלאַר אַ יאָר. אויפן אָרט פון דער דאָזיקער ביישטייערונג קען זי פירן אַ קאַמפּיין פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט צווישן אירע אייגענע מיטגלידער, וואָס זאָל אַריינברענגען צום ווייניקסטן די דאָזיקע סומע.

לאָקאַלע אָרגאַניזאַציעס דאַרפן ביישטייערן צום ווייניקסטן 15 דאָלאַר אַ יאָר. די מינימאַלע ביישטייערונג פון יחידים־מיטגלידער באַטרעפט 5 דאָלאַר אַ יאָר.

די אַלע ביישטייערונגען דאַרפן געצאָלט ווערן דער נאַציאָנאַלער אָרגאַ־ניזאַציע, וועלכע דאַרף אַרויסגעבן טשאַרטערס און מיטגלידער־קאַרטן און דאַרף אויך אָפּגעבן אַ טייל פון די אָפּצאָלונגען צו רעגיאָנאַלע, סטייט־און לאָקאַלע גרופּן און צו די קאַונסילס.

# דעקלאַראַציע

מיר, דעלעגאַטן פון אַרבעטער־רינג, פון דער טרייד־יוניאָן באַוועגונג און פון פאָלקס־אָרגאַניזאַציעס, פאַרזאַמלט צו דער 30־יאָריקער יובל־קאָנווענשאָן פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט, אין מעיפלאָוער האָטעל אין וואַשינגטאָן, דערקלערן:

אויסהערנדיק די באַריכטן וועגן די אויפטוען און דערגרייכונגען פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט אין משך פון די דריי צענדליק יאָר פון זיין עקזיסטענץ, האָבן מיר נאָכאַמאָל איבערגעלעבט אין זכרון, מיט ווייטאָג אין האַרצן, דעם שוידער און גרויל פון די יאָרן פון אומקום. אין דער זעלבער צייט האָבן מיר נאָכגעפאָלגט מיט שטאָלץ און באַפרידיקונג די באַריכטן וועגן דער וואונדערלעכער אַרבעט פון הילף און רעטונג וואָס עס האָט אויפגעטאָן דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט במשך אָט די יאָרן פון אומקום און חורבן, אין ערשטן יאָרצענדליק פון זיין עקזיסטענץ.

מיר גלויבן, אַז די אויפטוען פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט אין ערשטן יאָר־צענדליק פון זיין ווירקזאַמקייט זיינען ליכטיקע בלעטלעך אין דער טראַגישער געשיכטע פון אונדזער פאָלק. מיר דאַרפן שטאָלצירן מיט זיין היסטאָרישן רעקאָרד פון יענע יאָרן.

מיר אָנערקענען אויך די גרויסע באַדייטונג פון דער אָריענטאַציע פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט אויף די נאָך־מלחמה פראָבלעמען. זיין רעאַליסטישן צוגאַנג צום ווידעראויפבוי פון יידישן לעבן נאָכן גרויסן חורבן.

מיר קאָנען נישט גענוג אונטערשטרייכן, אַז אָט די קאָנסטרוקטיווע אַרבעט פון הילף פאַרן ווידעראויפבוי איז נישט ווייניקער אַחריותפול פאַר אונדזער פאָלק ווי די אַרבעט פון הילף און רעטונג אין ערשטן יאָרצענדליק.

אויפן ערשטן אָרט פון דער קאָנסטרוקטיווער טעטיקייט פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט שטייט די יידישע קולטור. עס דראָען אונדז כוואַליעס פון אַסימילאַציע. עס דראָט די געפאַר, אַז עס זאָל אָפּגעווישט ווערן דער נאַציאָנאַלער כאַראַקטער פון די יידישע מאַסן, אַז עס זאָל זיך ברעקלען דער גייסטיקער צוזאַמענהאַנג פון אונדזער פאָלק אין די פאַרשיידענע ישובים איבער דער וועלט.

די יידיש־וועלטלעכע קולטור איז אַ גייסטיקע דאַמבע קעגן דער געפאַר פון אַסימילאַציע און דעגענעראַציע.

דורך בויען יידישע פאָלקס־אינסטיטוציעס, קולטור־בנינים פאַר דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור, יידישע ביבליאָטעקן, אַרבעטס־קאָאָפּעראַטיוון

האָט דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט פאַרשריבן מיט מעשים זיין טיפע פאַר־בונדנקייט מיט מדינת ישראל.

מיר זיינען צופרידן מיט די אויפטוען פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט לטובת מדינת ישראל, ערב דער גרינדונג, נאָך איר גרינדונג און איצט — בעת איר אַנטוויקלונג. אין אַלע מאָמענטן פון קריזיס און געפאַר האָט דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט געטאָן אַלץ אין זיינע כוחות צו באַווירקן די עפנטלעכע מיינונג און באַזונדערס די מיינונג פון דער אַמעריקאַנער און אינ־טערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג לטובת דעם שוץ און דער זיכערקייט פון מדינת ישראל.

מיט אַ באַזונדערער באַפרידיקונג האָבן מיר אויפגענומען דעם באַריכט וועגן דעם קאַמף פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט קעגן דער פאַרניכטונג פון דער יידישער קולטור און דעם יידישן נאַציאָנאַלן לעבן בכלל אין סאָוועט־רוסלאַנד. דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט איז געווען די ערשטע אַמעריקאַנער אָרגאַניזאַציע וואָס האָט אַלאַרמירט די וועלט קעגן דער דאָזיקער געפאַר. דער קאַמף מוז אָנהאַלטן אַזוי לאַנג, ביז די סאָוועטישע יידן וועלן דערגרייכן פולע בירגערלעכע און נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג און די מעגלעכקייט פאַר דער אַנטוויקלונג פון זייער קולטור און שפּראַך.

מיט צופרידנקייט שטעלט פעסט די קאָנווענשאָן, אַז דאָ, אויפן באָדן פון אַמעריקע, האָט דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט פול און גאַנץ דערפילט זיין אויפגאַבע אין קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם און דיסקרימינאַציע און באַ־זונדערס מיט דער גרויסער ראָלע וואָס ער האָט געשפּילט און שפּילט אין קאַמף פון דער נעגערישער באַפעלקערונג פאַר גלייכע ציווילע רעכט.

פון די אידעאַלן פון סאָציאַליזם ווערט אינספּירירט די טעטיקייט פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט, מיטן פעסטן בטחון אין דעם קיום פון יידישן פאָלק איז דורכגעדרונגען זיין טעטיקייט.

עס איז אונדזער פאַרלאַנג, אַז אויף אָט דעם וועג זאָל וויטער גיין דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט, און מיר האָפן, אַז ער וועט גיין אויף אָט דעם וועג מיט הצלחה.

דאָס וועט זיין אַ ווירדיקער צושטייער פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטער־שאַפט פון אַמעריקע און קאַנאַדע צום אויפבוי פון אַ נייער וועלט פון שלום און גערעכטיקייט, מיט אַ ווירדיקן פּלאַץ פאַרן יידישן פאָלק.

---

## וועגן סאָציאַלע דערגרייכונגען און פאָדערונגען אין אונדזער לאַנד

אין יאָר 1965 פאַרצייכענען מיר וויכטיקע סאָציאַלע דערגרייכונגען אין אַמעריקע. עס זיינען אָנגענומען געוואָרן געזעצן וועגן שטים־רעכט, וועגן מע־דיקער פאַר עלטערע מענטשן, וועגן ליבעראַליזירן דעם אימיגראַציע־געזעץ און ס'איז אָנגענומען געוואָרן אַ געזעץ וועגן הילף צום שול־וועזן און

אַ געזעץ וועגן פֿאַרשטאַרקן דעם קריג קעגן אָרעמקייט. אין דעם פֿאָרשריט וואָס דער קאָנגרעס האָט געמאַכט אויף אָט דעם געביט האָט זיך גאָר שטאַרק געפֿילט די דינאַמישע פֿירערשאַפֿט און איניציאַטיווע פֿונעם פּרעזידענט דזשאָנסאָן.

דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט דריקט אויס גרויס צופֿרידנהייט מיט אָט די דערגרייכונגען. אין דער זעלבער צייט דריקן מיר אָבער אויס אונדזער אַנטוישונג איבער דעם וואָס דער סענאַט האָט נישט אָנגענומען דעם פֿאָרשלאָג פֿון דעם פּרעזידענט אָפּצושאַפֿן דעם פּונקט 14־בי פֿונעם טעפֿט האַרטלי געזעץ. דאָס מיינט, אַז די געזעצן וועגן דעם אַזוי גערופֿענעם „רעכט אויף אַרבעט", וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרן אין איניקע שטאַטן וועלן ווייטער קענען פֿאַרקריפּלען דאָס רעכט פֿון די אַרבעטער זיך צו אָרגאַניזירן אין די טרייד יוניאָנס, וועלכע זאָלן זיי אַרויסהעלפֿן פֿון אָרעמקייט און שיצן קעגן עקספּלואַטאַציע. דאָס איז אַ שווערער קלאַפּ פֿאַר די אַרבעטער און פֿאַרן קריג קעגן אָרעמקייט. מיר פֿאָדערן דערפֿאַר אַז אין דער קומענדיקער סעסיע פֿון קאָנגרעס זאָל אָפּגעגעבן ווערן די העכסטע מאָס ענערגיע אויף בטל צו מאַכן דעם פּונקט 14־בי פֿון טעפֿט האַרטלי געזעץ.

די פֿאָדערונג פֿאַר סאָציאַלן יושר, פֿאַר עקאָנאָמישער זיכערהייט און פֿאַרן וואוילזיין פֿון אַלע אַמעריקאַנער, איז איינע פֿון די פֿונדאַמענטאַלע פֿאָדערונגען פֿון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט דורך דער גאַנצער צייט פֿון זיין עקזיסטענץ. ס'איז צוליב דעם נאַטירלעך אַז מיר זאָלן זיין צופֿרידן מיט דעם וואַרעמען אָפּרוף וואָס עס האָט געהאַט דער „קריג קעגן אָרעמקייט" וואָס אונדזער רעגירונג האָט אָנגעהויבן.

ווי אַ יידישע אָרגאַניזאַציע ווייסן מיר זייער וואויל, אַז אָרעמקייט און אַרבעטסלאָזיקייט זיינען אַ פּרוכטבאַרער באָדן פֿאַר דער פֿאַרשפּרייטונג פֿון רעליגיעזן און ראַסן־האַס. די געשיכטע האָט אונדז געלערנט, אַז אַנטיסעמיטיזם בליט אין אַ סביבה פֿון אָרעמקייט און אומזיכערהייט.

ווי אַן אָרגאַניזאַציע וואָס פֿאָדערט גלייכע רעכט פֿאַר אַלע אַמעריקאַנער ווייסן מיר וואויל, אַז אָן אַ פּראָגראַם פֿאַר פֿולער אַרבעטס־באַשעפֿטיקונג זיינען עס די נעגערס און אַנדערע מינאָריטעט־גרופּן פֿון דער באַפֿעלקערונג וואָס ליידן צום שווערסטן.

ווי אַן אָרגאַניזאַציע וואָס קעמפֿט פֿאַר דעמאָקראַטיע און פֿרייהייט ווייסן מיר, אַז עקסטרעמיזם, און טאָטאַליטאַרע באַוועגונגען אַנטשטייען און וואַקסן זיך פֿאַנאַנדער אונטער די באַדינגונגען פֿון סאָציאַלער צערודערונג און עקאָנאָמישער אומזיכערהייט.

אַ דערפֿאָלגרייכער און פֿולשטענדיקער קריג קעגן אָרעמקייט איז פֿון גרעסטן אינטערעס פֿאַרן יידישן אַרבעטער קאָמיטעט. מיר שטיצן אַלע באַמיאונגען וואָס ווערן געמאַכט אין דער ריכטונג, מיט דעם געזעץ פֿאַר עקאָנאָמישער געלעגנהייט פֿון 1964 און מיט די אַנדערע מיטלען וואָס זיינען אָנ־

גענומען געוואָרן פון דער רעגירונג. מיר פאָדערן, אַז עס זאָלן געהעכערט ווערן די בודזשעטן פאַר די דאָזיקע פּראָגראַמען.

נישט ווייניקער וויכטיק זיינען לויט אונדזער מיינונג די פּראָגראַמען וואָס זיינען פאָרגעשלאָגן געוואָרן דורך דער א.פ.ל.־סי.אַי.אָ. און אַנדערע צו לייזן די פּראָבלעמען פון די 20 פּראָצענט פון אַמעריקאַנער פאָלק וואָס ליידן פון אָרעמקייט. אונדזערע פאָרשלאָגן זיינען:

1) אַ דעמאָקראַטיש געפּלאַנטע ווירטשאַפט אין נאַציאָנאַלן מאַסשטאַב, וואָס זאָל פאַרזיכערן פולע באַשעפטיקונג און פּראָדוקציע, וואָס זאָל אויסמיידן דעפּרעסיעס און רעסעסיעס.

2) אַ פּראָגראַם פון מעדיצינישער פאַרזיכערונג אין נאַציאָנאַלן מאַסשטאַב פאַר מענער, פרויען און קינדער.

3) העכערונג פון מינימום־לוין און אויסברייטערונג פון דער ווירקזאַמקייט, אַז דאָס געזעץ זאָל אַרומנעמען אַלע 15 מיליאָן אַרבעטער, וואָס איצטער פאַלן זיי ניט אַרונטער אונטער דער ווירקזאַמקייט פון מינימום־לוין־געזעץ.

4) אַ פעדעראַלע העכערונג פון אַרבעטסלאָזיקייט־פאַרזיכערונג און פון אַנטשעדיקונג (קאָמפּענסאַציע) מיט וועלכער עס זאָל פעסטגעשטעלט ווערן אַ מינימום־סטאַנדאַרד פאַר די פּראָגראַמען פון די שטאַטן איוף דעם געביט.

5) עס זאָל אָפּגעשאַפט ווערן די סעקשאָן 14־בי פון טעפט־האַרטלי־געזעץ (ווי מיר האָבן אָנגעוויזן אויבן).

6) אַ 10־יאָריקער פּלאַן פאַר עפנטלעכע אַרבעטן, צו פאַרקלענערן די אַרבעטסלאָזיקייט, אָפּשאַפן די סלאַמס און צו באַזאָרגן פאַר דער גאַנצער באַ־פעלקערונג שולן, שפּיטעלער, ביבליאָטעקן, פּאַרקן און האַי־וועיס (שאָסייען).

7) אַ בילדונגס־פּראָגראַם לויטן מוסטער פון דזשי־אַי רעכט נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה. אַ פּראָגראַם וואָס זאָל שאַפן אַ מעגלעכקייט פאַר יעדן יונגן מענטשן צו דערגרייכן אַ געהעריקע אויסבילדונג, לויט זיינע פעאיקייטן און לויט זיין אינטעליגענץ.

אָט די פאָדערונגען זיינען אַזוי וויכטיק פאַר דער אַנטוויקלונג פון אַ פרייער אַמעריקע, אַז מיר באַשליסן אָפּצוגעבן צייט, ענערגיע און רעסורסן אין קאַמף פאַר די דאָזיקע פאָדערונגען. באַזונדערס באַשליסן מיר צו פירן אַן אינטענ־סיוון אויפקלערונגס־קאַמפּיין צווישן די יידישע מאַסן און צו אַרבעטן אין קאָאָפּע־ראַציע מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג און מיט די ליבעראַלע ריכטונגען פאַר דער דערגרייכונג פון די דאָזיקע פאָדערונגען.

---

## דאָס יונייטעד־ניישאָנס־יאָר, דאָס יאָר פון אינטערנאַציאָנאַלער קאָאָפּעראַציע

מיט 20 יאָר צוריק איז געחתמעט געוואָרן דער טשאַרטער פון דער יונייטעד ניישאָנס אָרגאַניזאַציע און דערמיט האָט זיך אָנגעהויבן דער נאָך־מלחמה פּעריאָד. נאָר ווייניק מענטשן האָבן אין יענער צייט פאָרויסגעזען וואָס פאַר אַ

שטורמישע צייט דאָס וועט זיין. די פעלקער פון דער וועלט האָבן געהאָפט אַז עס הויבט זיך אָן אַ לאַנגער פעריאָד פון רו און פרידן. אויסגעמאַטערטע, אָבער דאָך צופרידענע מיטן זיג איבער נאַציזם און פאַשיזם, זיינען די פעל־קער פון דער וועלט געווען אַנטשלאָסן אַז קיינמאָל מער זאָל די מענטשהייט דאַרפן אַריבערטראָגן אַזאַ בלוטיקע קאַטאַסטראָפע און האָבן געהאָפט אַז איצט וועט שוין קומען אַ פעריאָד פון רו און גוטע פריינדלעכע באַציאונגען צווישן פעלקער.

אָבער נישט אַזוי איז געווען דער גאַנג פון דער צייט. דער נאָך־מלחמה פעריאָד האָט געשטעלט די וועלט פאַר אַ דאָפּלטער אַרויספאָדערונג און עס האָט זיך געפאָדערט פעסטקייט און אַנטשלאָסנקייט צוריקצושטויסן די קאָ־מוניסטישע אַגרעסיע, צו־נישט צו מאַכן זייערע פרואוון אויסצושפרייטן זייער טאָטאַליטאַרע העגעמאָניע איבער גרויסע שטחים פון דער וועלט. אין אָט דער וועלט־סיטואַציע האָט די יונייטעד ניישאָנס ווי אַן אינסטרומענט פון די העכסטע מענטשלעכע האָפענונגען און די אידעאַלן פון פרידן און ברידער־לעכקייט, שטאַרק געליטן פון די ווירקונגען פון קאַלטן קריג. צייטנווייז האָט זיך געדאַכט אַז זי האַלט שוין ביים וואַקלען זיך און אין אַנדערע מאָמענטן האָט זי זיך אַרויסגעוויזן פעסט און אומדערשיטערלעך.

אין דער קאָמוניסטישער וועלט זיינען אויפגעהויבן געוואָרן באַשולדי־קונגען אַז די יונייטעד ניישאָנס אָרגאַניזאַציע ווערט באַהערשט פון די פּאַראיי־ניקטע שטאַטן מיט אירע פאַרבינדעטע. און אין אונדזער לאַנד איז אויפגעהויבן געוואָרן די באַשולדיקונג מצד די אולטראַ־רעכטע, אַז די יונייטעד ניישאָנס אָרגאַניזאַציע איז דער אינסטרומענט פון קאָמוניזם. אַזוי איז אויך געווען אויפן געביט פון קאָלאָניאַלע באַציאונגען: די יונייטעד ניישאָנס אָרגאַניזאַציע איז שטענדיק געשטאַנען אונטער פייער פוןביידע זייטן, סיי פאַר איר דערפאָלג־רייכער טעטיקייט, סיי פאַר איר מאַכטלאָזיקייט צו האַנדלען אין שווערע סי־טואַציעס.

פונדעסטוועגן אָבער איז די יונייטעד ניישאָנס אָרגאַניזאַציע געבליבן דער וויכטיקסטער אינסטרומענט פאַר אויסשמידן אַ פרידלעכע און בעסערע וועלט. צום 20טן יאָרטאָג פון דער גרינדונג פון דער יונייטעד ניישאָנס אָרגאַניזאַציע דריקט אויס דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט זיין פולע שטיצע פאַר אירע צילן. מיר האַלטן אַז די פּאָזיטיווע דערגרייכונגען פון דער יו־ען טאָרן נישט גרינג געשאַצט ווערן אין דער פראַגע פון פאַלעסטינע, אין דער מלחמה פון קאָרעאַ, אין קריזיס פון סועץ, אין קאָנגאָ, און אין אַנדערע טיילן פון דער וועלט, וואו עס האָבן געדראָט באַוואָפנטע קאָנפליקטן.

מיט דער אַלגעמיינער דעקלאַראַציע פון מענטשן־רעכט האָט די יונייטעד ניישאָנס אָרגאַניזאַציע פעסטגעשטעלט אַ סטאַנדאַרד פון מענטשלעכע באַצי־אונגען וואָס דינט ווי אַ מאָראַלישע שטיצע פאַר אונטערדריקטע מענטשן אי־בער דער גאַנצער וועלט. מיט אירע ספּעציעלע איידזשענסיס — די וואוירלד

העלט אָרגאַניזיישאָן, יונעסקאָ, פוד ענד אַגריקולטוראַל אָרגאַניזיישאָן, די איי־על־אָ און אַנדערע — האָט זי געהאָלפן צו מאָביליזירן די רעסורסן און די וויסנשאַפט פון דער מענטשהייט אין קאַמף קעגן הונגער, קראַנקהייט און אומ־וויסנהייט.

1965 איז פּראָקלאַמירט געוואָרן פון דער יונייטעד ניישאָנס אָרגאַניזאַציע ווי דאָס יאָר פון אינטערנאַציאָנאַלער קאָאָפּעראַציע. די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן זיך אָנגעשלאָסן צוזאַמען מיט אַנדערע נאַציעס (ס״ה אַריבער 100) אין אויסדריקן נאָכאַמאָל זייער שטיצע פאַר דער יו־ען און אירע צילן. אונדזער רעגי־רונג האָט אַפּעלירט צו די בירגער און געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס זיך צו באַטייליקן אין דעם יאָר פון אינטערנאַציאָנאַלער קאָאָפּעראַציע און בייצו־שטייערן צו אים. פּרעזידענט דזשאַנסאָן האָט געזאָגט: „איך רוף אויף אונ־דזערע אָרגאַניזאַציעס דורכצופירן אויפקלערונגס־פּראָגראַמען צו אינפאָרמירן זייער מיטגלידערשאַפט וועגן פּראָגרעס פון אינטערנאַציאָנאַלער קאָאָפּעראַציע און זיי סטימולירן צו ווייטערדיקער איניציאַטיווע אויף אָט דעם געביט; ער האָט אויך געמאָלדן אַז אַ קאָנפערענץ וועגן אינטערנאַציאָנאַלער קאָאָפּעראַציע וועט גערופן ווערן פאַר די טעג פון 29טן נאָוועמבער ביזן 1טן דעצעמבער, 1965.

דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט דריקט אויס זיין אונטערשטיצונג מיטן גאַנצן האַרצן פאַר דעם יאָר פון אינטערנאַציאָנאַלער קאָאָפּעראַציע און איז גרייט צו שטיצן יעדע אונטערנעמונג פאַר פרייהייט און וועלט־פרידן. מיר נעמען אויף זיך די אויפגאַבע — ווי אַ ספּעציעלע טעטיקייט אויף אָט דעם געביט — צו פירן אַן אינטענסיוון קאַמפּיין פאַר דער ראַטיפיקאַציע פון די אָפּמאַכן וועגן מענטשן־רעכט און דזשענאָסייד דורך די פאַראייניקטע שטאַטן — די ראַטי־פיקאַציע וואָס האָט שוין לאַנג געזאָלט דורכגעפירט ווערן. מיר וועלן פאַר־שטאַרקן אונדזער אויפקלערונגס־קאַמפּיין און מיר וועלן בכלל שטיצן די שטרע־בונגען פון דעם אַד־האָק קאָמיטעט פאַר מענטשן־רעכט פאַר די אָפּמאַכן פון מענטשן־רעכט און דזשענאָסייד.

---

## אינטערנאַציאָנאַלע אָפּמאַכן וועגן מענטשן־רעכט און קעגן דזשענאָסייד

מיט צופרידנהייט שטעלן מיר פעסט אַז עס איז אין דער לעצטער צייט געמאַכט געוואָרן אַ פאָרשריט אויפן וועג צו דערגרייכן די ראַטיפיקאַציע פון די אינטערנאַציאָנאַלע אָפּמאַכן וועגן מענטשן־רעכט און קעגן דזשע־נאָסייד דורך די פאַראייניקטע שטאַטן. אָט די אָפּמאַכן פון דער יונייטעד ניישאָנס אָרגאַניזאַציע וואָס האַנדלען וועגן פעלקער־מאָרד, צוואַנגס־אַרבעט, שקלאַפעריי, די פּאָליטישע רעכט פון פרויען, זיינען אַ סימבאָל פון דער אַנט־וויקלונג פון דער וועלט צו אַ מינימאַלן סטאַנדאַרד פון רעכט אין די ציווי־ליזירטע באַציאונגען צווישן מענטשן פון וועלכן אונדזער לאַנד טאָר זיך נישט האַלטן דערווייטערט. עס וואָלט געמיינט אָפּצושוואַכן אונדזער מאָראַלישע פּאָ־

זיציע צווישן די פעלקער פון דער וועלט און זיך אַליין אויסצושטעלן צו די פּראָוואָרפן פון אומערלעכקייט אין אונדזער שטעלונג צו מענטשן־רעכט.

אין אַ וועלט וואָס איז שוין אַזוי אָפט געוואָרנט געוואָרן, דורך דעם אייכמאַן־פּראָצעס און דורך אַנדערע פּראָצעסן קעגן מאַסן־מערדער, אַז ס׳איז מעגלעך אין אונדזער מאָדערנער צייט אַז מענטשן זאָלן אויספירן ברוטאַלע מאַסן־מערדערייען — וואָס שטייגן אַריבער די שווידערלעכסטע פאַנטאַזיע — אין אַזאַ וועלט קען נישט מער זיין קיין שום אַנטשולדיקונג פאַר אַמעריקע, אָפּצוהאַלטן די ראַטיפיקאַציע פון די אָפּמאַכן וועגן מענטשן־רעכט און דזשענאָסייד.

עס זיינען שוין פאַרגאַנגען יאָרן זינט די אָפּמאַכן זיינען אָנגענומען געוואָרן און ראַטיפיצירט געוואָרן דורך אַ גרויסער צאָל לענדער אין דער וועלט. אין 1949 האָט דער סעקרעטאַר דין ראָסק, אין נאָמען פון סטייט דעפּאַרטמענט, פאָרגעשלאָגן אין סענאַט די ראַטיפיקאַציע פון דזשענאָסייד אָפּמאַך. אַ ספּעציעלער סוב־קאָמיטעט פון קאָמיטעט פאַר אויסלענדישע ענינים האָט געמאַכט אַ רעקאָמענדאַציע פאַר דער ראַטיפיקאַציע פון דעם אָפּמאַך. נישט געקוקט אויף דעם אַלעמען איז דער אָפּמאַך נאָך אַלץ געבליבן ליגן אין קאָמיטעט נישט דערליידיקט.

אין יאָר 1963 האָט אונדזער פאַרערטער פּרעזידענט דזשאָן פּ. קענעדי געפאָדערט פון סענאַט, די באַפולמעכטיקונג צו ראַטיפיצירן די אָפּמאַכן וועגן מענטשן־רעכט. אין חודש מערץ איז דער פאַרלאַנג פון דער באַפעלקערונג פאַר דער ראַטיפיקאַציע געקומען צום אויסדרוק אויף דער ערשטער נאַציאָנאַלער קאָנפערענץ פון אד־האק קאָמיטעט פאַר די אָפּמאַכן פון מענטשן־רעכט און קעגן דזשענאָסייד. פון יעדער זייט פון אונדזער בירגערשאַפט איז געקומען דער פאַרלאַנג אַז די אָפּמאַכן זאָלן ראַטיפיצירט ווערן.

דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט דריקט אויס אויפסנייַ די פאָדערונג אַז די אָפּמאַכן זאָלן ווי צום גיכסטן ראַטיפיצירט ווערן. מיר זיינען צופרידן מיט דער דערפאָלגרייכער אַרבעט פונעם אד־האק קאָמיטעט און וועלן ווייטער שטיצן די דאָזיקע אַרבעט. מיר זיינען צופרידן וואָס אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט די מעגלעכקייט צו שאַפן דעם נויטיקן אָפּיס פאַר אָט דעם צוועק.

די איצטיקע אַדמיניסטראַציע ווייזט אַרויס מער אַקטיוון אינטערעס פאַרן שוץ פון מענטשן־רעכט איבער דער וועלט ווי די פריערדיקע אַדמיניסטראַציע און האָט שוין אויסגעדריקט די גרייטקייט אַרויסצוקומען מיט די געהעריקע אינסטרומענטן פאַר אָט דעם צוועק.

מיר האָפן אַז עס וועט ווי צום גיכסטן געשען.

---

## נעאָ־נאַציזם און די רעכטע באַוועגונגען

די געשעענישן אין די לעצטע עטלעכע יאָר ביי אונדז אין לאַנד און אין אַנדערע טיילן פון דער וועלט האָבן געוויזן ווי נויטיק עס איז צו זיין וואַכזאַם קעגן די ראַדיקאַלע רעכטע באַוועגונגען און קעגן נאַציזם.

מיר זיינען זייער באַזאָרגט וועגן אָט די אינטערנאַציאָנאַלע אַנטוויקלונגען וואָס דערמאָנען אונדז די ביטערע צייט פון אויפקום פון נאַציזם און פאַשיזם. אין דרום־אַפריקע און אין ראָדעזיע זעען מיר ווי עס ווערט אויפסניי פאַר־שפרייט די אידייע פון „האַרן פאָלק" און דאָס ווערט אויסגענוצט ווי אַ וואָפן פון דער ווייסער מינאָריטעט צו פאַרשקלאַפן און צו עקספּלואַטירן די שוואַר־צע מאַיאָריטעט. אין דייטשלאַנד, עסטרייך און אין אַנדערע לענדער פון אײי־ראָפּע זיינען קליינע אָבער אַקטיווע נעאָ־נאַצישע אָרגאַניזאַציעס פאַרנומען אין קאַמפּיינס פון אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע, פון שענדן יידישע בית־עולמס, און בתי־תפילה. אין לאַטיין־אַמעריקע און ספּעציעל אין אַרגענטינע פאַרשפּרייטן אַנטיסעמיטישע גרופּן, ווי למשל די טאַקואַראַ, טעראָר, געוואַלד־אַקטן, זיי וואַרפן אָן אַ שרעק אויף דער יידישער געמיינדע.

דאָ, אין די פאַראייניקטע שטאַטן, איז אויפגעשטאַנען אַ רעכטע עקסטרע־מיסטישע באַוועגונג, וואָס קעמפט פאַר פּאָליטישן איינפלוס, אין קאָאָפּעראַציע מיט עלטערע ראַסיסטישע עלעמענטן אין דרום. די עקסטרעמיסטן באַמיען זיך מיט דער הילף פון אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס ווי די דזשאָן בוירטש סאָסייעטי, די קריסטשאָן קרוסייד און קו־קלוס־קלאַן צו פאַרשפּרייטן זייער מעסעדזש פון האַס און זייער משוגעת פון אַלגעמיינעם אומצוטרוי. אונטער דער מאַסקע פון „פּאַטריאָטיזם" פאַרשפּרייטן זיי ווילדע בילבולים אויפן כופרים קאָורט, אויף פּרעזידענטן און אויפן סטייט דעפּאַרטמענט. זייער גיפטיקע פּראָפּאַגאַנדע איז אַריינגעדרונגען אויך אין קאַנאַדע, וואו זיי פירן ענלעכע העצערישע קאַמ־פּיינס.

די ראַדיקאַלע רעכטע באַוועגונג טראָגט אין זיך דעם זאָמען פון אַמע־ריקאַנער פאַשיזם. ס'איז נישט קיין צופאַל וואָס אונטער זייער פאָן האָבן זיך געזאַמלט נאַציס און אַנטיסעמיטן: די אַמעריקאַנער נאַצי־פּאַרטיי, די נעשאָנאַל סטייט רייטס פּאַרטי, און די אַמעריקאַנער רענעסאַנס פּאַרטיי. אויב ס'זאָל זיך טרעפן אַ שאַרפע ווענדונג אין דער אַמעריקאַנער עקאָנאָמיע, דאַן וועלן אָט די עקסטרעמיסטן מיט זיך פאָרשטעלן אַ פולשטענדיקע פאַשיסטישע באַוועגונג.

קעגן אָט דער געפאַר פאַר דער קעגנוואַרט און פאַר דער צוקונפט מוז מען באַצייטנס רופן צו אַ וואַכזאַמען קאַמפּיין פון אַקטיוויטעט, פון אויפקלערונג, אין דער זעלבער צייט מוזן מיר טאָן דאָס נויטיקע צו קעמפן פאַר פולער אַר־בעטס־באַשעפטיקונג און סאָציאַלן יושר, קעגן אָרעמקייט און קעגן ראַסן האַס.

דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט באַשליסט צו אַרבעטן אַקטיוו פאַר אָט די צילן אין אָנהאַלטן דעם קאַמפּיין קעגן עקסטרעמיזם און נעאָ־נאַציזם, אין קאָאָפּעראַציע מיט אַלע ליבעראַלע לייבאָר־און פּראָגרעסיווע כוחות אין די פאַראייניקטע שטאַטן און איבער דער וועלט.

---

## וועגן סאָוועטישן אַנטיסעמיטיזם

עס זיינען פאַראַן זיכערע באַווייזן, אַז אין סאָוועט־רוסלאַנד האַלט נאָך אַלץ

אָן לגבי יידן די פּאָליטיק פון קולטורעלער, בירגערלעכער און רעליגיעזער דיסקרימינאַציע. אַפילו די מינימאַלע רעכט, וואָס עס געניסן אַנדערע רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע מינאָריטעטן, ווערן אָפּגעזאָגט דעם סאָוועטישן יידנטום, ווי: דאָס רעכט אויף שולן פאַר דער דערציאונג פון זייערע קינדער אין דער יידישער שפּראַך און קולטור און יידישער געשיכטע; דאָס רעכט אַרויסצוגעבן יידישע צייטונגען, זשורנאַלן (אַחוץ דער איינער פּובליקאַציע „סאָוועטיש היימלאַנד״); דאָס רעכט פאַר רעליגיעזע יידן אויף שולן און בתי מדרשים, סידורים, רעליגיעזע אַרטיקלען, יידישע בית־עלמינס.

דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט איז געווען די ערשטע אַמעריקאַנער אָרגאַניזאַציע אויפגעהויבן די שטים פון פּראָטעסט קעגן סאָוועטישן אַנטיסעמיטיזם. אין יאָר 1949, ווען דער סטאַלין רעזשים האָט אָנגעהויבן צו ליקווידירן יידישע שרייבער און קינסטלער און אַן אַטמאָספער פון שרעק און פּיין האָט אַרומגענומען דאָס גאַנצע סאָוועטישע יידנטום, האָבן מיר אויפגעהויבן אונדזער שטים פון פּראָטעסט, אַפּעלירנדיק נאָך הילף צו דער יונייטעד ניישאָנס אָרגאַניזאַציע.

שוין דעמאָלט האָבן זיך געלאָזט הערן קריטישע שטימען דיקטירט פון פּחדנות קעגן אונדזער אַקציע — שוין אָפּגערעדט דערפון אַז די קאָמוניסטן האָבן לחלוטין געלייקנט אַז אין סאָוועט רוסלאַנד זאָל עקזיסטירן אַזאַ פּראָבלעם ווי אַנטיסעמיטיזם.

דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט ווייזט צוריק, היינט נישט ווייניקער ווי פריער, די עצות פון די וואָס פאָדערן אַ „מאָראַטאָריום פון פּראָטעסט״ קעגן דער פאַרלעצונג פון מענטשן־רעכט לגבי דעם יידישן פאָלק אין סאָוועט רוסלאַנד. נישט צוליב אַ מאָראַטאָריום פון פּראָטעסט האָט די סאָוועטישע רעגירונג געמאַכט אַ כלומרשטע הנחה דערלויבנדיק צו באַקן מצות און פאַרקלענערנדיק די צאָל משפּטים קעגן יידן פאַר כלומרשטע „עקאָנאָמישע פאַרברעכנס״.

דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט זאָגט זיך נישט אַרויס קעגן אונטערהאַנדלונגען מיט די פירערס פון דער סאָוועטישער רעגירונג וועגן סטאַטוס פון די יידן אין סאָוועט־רוסלאַנד. אונטערהאַנדלונגען וואָס ווערן געפירט אָן דעם גלייכצייטיקן דרוק פון אַ פּראָטעסט־באַוועגונג קענען נישט זיין מער דערפאָלגרייך ווי אונטערהאַנדלונגען צווישן אַרבעטער און אונטערנעמער אָן אַ דראָענדיקן שטרייק.

עס מוז ווייטער אונטערגעהאַלטן ווערן די פּראָטעסט־באַוועגונג פאַר די מענטשן־רעכט פון די סאָוועטישע יידן. מיר אָנערקענען אַז די „אַמעריקען דזשואיש קאָנפערענץ אַן סאָוועט דזשוערי״ אין וועלכער מיר באַטייליקן זיך, איז אויפן ריכטיקן וועג. מיר קענען ניט שווייגן כל־זמן אונדזערע יידישע ברידער אין סאָוועט־רוסלאַנד ליידן פון דיסקרימינאַציע.

## ווען בירגערלעכע רעכט און דער ליבעראַל־לייבאָר קאָאַליציע

אין די לעצטע עטלעכע יאָר האָבן די פּאַראייניקטע שטאַטן געמאַכט גרויסע שריט פאָרויס אויפן וועג צו פולער בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג פון אַלע בירגער. מיט דער הילף פון פרידלעכע דעמאָנסטראַציעס און מיט געזעצגעבערישער אַרבעט האָבן די דיסקרימינאַציעס פון ראַסע און רעליגיע ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו פאַרשווינדן. מיר דערנענטערן זיך צום אידעאַל פון דער קאָנסטיטוציע, צו פרייהייט און גלייכהייט.

דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט איז צופרידן מיט דער ראָל וואָס אונ־דזער אָרגאַניזאַציע שפּילט פון סאַמע אָנהייב אָן אין סיוויל־רייטס־רעוואָלט, אין טייל שטאַטן און שטעט זיינען מיר געווען די פּיאָנערן אין אויסקעמפן אַנטי־דיסקרימינאַציע געזעצגעבונג. אין דעם היסטאָרישן מאַרש קיין וואַשינגטאָן פון אויגוסט, 1963, ווען הונדערטער טויזנטער אַמעריקאַנער בירגער האָבן זיך פאַרזאַמלט אין דער הויפּט־שטאָט פון אונדזער לאַנד צו פאָדערן גלייכע רעכט, זיינען מיר געווען דערביי. ווען דער קאַמף־פּלאַץ האָט זיך אַריבערגעטראָגן ווייטער קיין בוירמינגהעם, סעלמאַ און מאָנטגאָמערי, זיינען מיר אויך געווען דאָרטן. און ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם צו מאָביליזירן די גע־זעלשאַפטלעכע מיינונג, אונטער דער אָנפירונג פון דער „לידערשיפּ קאָנפערענץ" פאַר די סיוויל רייטס בילס פון 1964 און 1965 זיינען מיר ווידער געווען אויפן קאַמף־פּלאַץ.

היינט איז דער ציל פון דער רעוואָלוציע פאַר סיוויל רייטס נאָך נישט אין גאַנצן דערגרייכט. די געזעצגעבונג וואָס איז ביז איצט דורכגעפירט געוואָרן גיט אונדז די געזעצלעכע מיטלען דורכצוזעצן דעם רעספּעקט פאַר די דאָזיקע געזעצן, אָבער כל־זמן די ווייסע ראַסיסטן, די אַזוי גערופענע „סטייט־רייטס"־קעמפּערס קענען זיך נאָך אַנטקעגנשטעלן דער דורכפירונג פון די געזעצן; כל־זמן עס ווערן נאָך ווייטער אָנגעהאַלטן געטאָס; כל־זמן קינדער פון מינאָריטעט גרופּעס דאַרפן נאָך אַלץ אַריבערטראָגן דעם רעזשים פון סעגרעגירטע שולן; כל־זמן אַרבעטסלאָזיקייט פּלאָגט די נעגערישע באַפעלקערונג שטאַרקער ווי די ווייסע באַפעלקערונג, כל־זמן אַנטיסעמיטיזם און אַנדערע פאָרמען פון פאָר־אורטייל האַלטן נאָך אָן — — כל־זמן עס הערשן נאָך אָט די אַלע באַדינגונגען, איז אונדזער אַרבעט נאָך נישט פאַרענדיקט.

עס פאָדערט זיך ווייטער קאָאָפּעראַציע פון אַלע וואָס שטרעבן צו אַ בע־סערער, מער דעמאָקראַטישער אַמעריקע, כדי צו פירן צום פולן זיג די רע־וואָלוציע פאַר גלייכע מענטשן־רעכט. קיין אין איינצלנע גרופּע קען דאָס אַליין נישט אויפטאָן און אַוודאי נישט אַ וועלכע עס איז מינאָריטעט גרופּע. איינציק און אַליין די קאָאַליציע פון דער מאַיאָריטעט וועלכע האָט דערגרייכט דאָס אָננעמען די פעדעראַלע געזעצן פאַר גלייכע רעכט — די קאָאַליציע פון לייבאָר,

ליבעראַלן, נעגערישע און יידישע קאָמיוניטיס, און די קירכעס קענען דערגרייכן דעם דאָזיקן דערפאָלג.

דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט איז גרייט צו אָט דעם קאַמף היינט אַזוי ווי פריער. נישטאָ אין דעם פונקט קיין צוריק. נישטאָ קיין מאַראַטאָריום אין אונדזערע שטרעבונגען פאַר פרייהייט און גערעכטיקייט פאַר אַלע אַמע־ריקאַנער.

מיר דערקלערן פייערלעך זיך צו ווידמען אָט דעם קאַמף מיט האַרץ און נשמה, מיט אַלע אונדזערע כוחות.

---

# וועגן אָנגעשלאָסענע אָרגאַניזאַציעס פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט

דער כוח און די דערגרייכונגען פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט זיינען אין אַ גרויסער מאָס צו פאַרדאַנקען דעם אייגנאַרטיקן צוזאַמענשטעל פון אונדזער אָרגאַניזאַציע. אונדזער אָרגאַניזאַציע איז אויפגעקומען אין יידישן לעבן פון אַמעריקע נישט אַזוי ווי גלאַט אַ נייע באַוועגונג, נאָר ווי אַן אינסטרומענט פון אַן עקזיסטירנדיקער באַוועגונג — פון דער יידישער אַרבעטער און סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג — צו באַגעגענען די וואַקסנדיקע געפאַרן פון היט־לעריזם און די געפאַרן פאַר דער דעמאָקראַטיע און פאַרן יידישן פאָלק אומעטום איבער דער וועלט. אונדזער באַוועגונג איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון סאַמע אָנהייב אָן נישט בלויז פון יחידים נאָר פון די הויפּט־שטרעמונגען פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע.

דער אויפבוי פון אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַ־מען פון דער געשיכטע. דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט האָט אַרויסגעוויזן זיין לעבנס־כוח אין די שטורמען פון אונדזער צייט: מיר האָבן געקעמפט קעגן נאַציזם און פאַשיזם; מיר האָבן געראַטעוועט אַ גרויסע צאָל מענער און פרויען וואָס זיינען געווען באַשטימט צו אונטערגאַנג; מיר האָבן געהאָלפן ווידער אויפבויען די אַרבעטער און די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע באַוועגונגען אין איי־ראָפּע; מיר האָבן געהאָלפן די קראַנקע און די היימלאָזע אין נאָך־מלחמה פּעריאָד; מיר האָבן אויפגעבויט קולטורעלע און קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַ־ציעס פאַר סאָציאַלער הילף אין אייראָפּע און ישראל; מיר האָבן געהאָלפן פאַר־שטאַרקן די דעמאָקראַטיע, מיר האָבן באַקעמפט אַנטיסעמיטיזם און ראַסיזם דאָ אין אַמעריקע און מעבר לים.

די אַלע דערגרייכונגען וואָלטן נישט מעגלעך געווען אָן דער אַקטיווער הילף און מיטאַרבעט פון די אָנגעשלאָסענע אָרגאַניזאַציעס. יעדע איינע פון זיי האָט איר חלק אין די דערגרייכונגען פון יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט, יעדע איינע פון זיי האָט געגעבן אַן אומשאַצבאַרן ביישטייער צו אונדזער אַרבעט.

די דרייסיק יאָריקע יובל־קאָנווענשאָן פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט באַ־גריסט אונדזערע אָנגעשלאָסענע אָרגאַניזאַציעס, זי דריקט אויס אונדזער דאַנק־באַרע אָנערקענונג צו זיי און סאָלידאַריטעט מיט זיי אין קאַמף פאַר אונדזער אַלעמענס הויכע אידעאַלן. אונדזערע אָנגעשלאָסענע אָרגאַניזאַציעס זיינען: דער אַרבעטער רינג, די פאָרווערטס אַסאָסיאיישאָן, די פאַראייניקטע יידישע געווערקשאַפטן, דער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד, דער יידישער אַרבעטער בונד, די אחדות העבודה פועלי ציון, די אינטערנעשאַנאל לײדיס גאַרמענט וואוירקערס יוניאָן, די אַמאַלגאַמייטעד קלאָדינג וואוירקערס יוניאָן אָוו אַמעריקאַ, די פאַר־אייניקטע העטערס, קעפּ און מילינערי אַרבעטער יוניאָן, די אינטערנעשאָנאל יוניאָן פון דער גודס, פלאַסטיק און נאָוועלטי.

מיר באַגריסן אויך אַלע אונדזערע רעגיאָנאַלע, סטייט־און לאָקאַלע אָרגאַ־ניזאַציעס; דעם יידישן אַרבעטער קאָמיטעט אין קאַנאַדע, אין קאַליפאָרניע, אין שיקאַגאָ, אין דעטראָיט, באָסטאָן, פילאַדעלפיע, פּיטסבורג, באַלטימאָר, די סאוטערן רידזשאָן, וואַשינגטאָן, די־סי, קליוולאַנד, מינעאַפּאָליס און אַלע אַנדערע לאָקאַלע אָרגאַניזאַציעס.

מיר דריקן אויס אין אָט דעם היסטאָרישן מאָמענט אונדזער פולע איי־ניקייט מיט זיי אין ציל און אין דעם וועג צום ציל. מיר פילן זיך ווי איין גרויסע פאַמיליע פון מענער און פרויען, פאַראייניקט אין דעם ווילן צו קעמפן פאַר דער זיכערהייט און דעם וואוילזיין פון יידישן פאָלק, פאַר אַ וועלט פון פרייהייט, גלייכהייט און סאָציאַלן יושר.

---

## צום 65־יאָריקן יובל פון אַרבעטער־רינג

דער 65־יאָריקער יובל פון אַרבעטער רינג איז אַ גרויסע דאַטע אין דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג פון אַמעריקע, אין דער גע־שיכטע פון יידישן פאָלק.

די פּיאָנערן און בויערס, וואָס האָבן מיט 65 יאָר צוריק פאַרלייגט דעם יסוד פון אַרבעטער־רינג, זיינען געקומען פון די יידישע האָרעפּאַשנע מאַסן אין מזרח־אייראָפּע, וועלכע האָבן דעמאָלט אויפגעהויבן די פאָן פון קאַמף קעגן סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג, פאַר רעכט און פרייהייט, פאַר סאָציאַליזם. אָט דעם גייסט פון דער אויפגעוואַכטער יידישער אַרבעטערשאַפט, דעם גייסט פון קאַמף פאַר מענטשן־רעכט און נאַציאָנאַלע רעכט, האָבן די פּיאָנערן פאַרפלאַנצט, מיט 65 יאָר צוריק, אין דעם צאַרטן בוימעלע פון אַ „פראַטערנאַלן אָרדען". איז זיך דאָס בוימעלע צעוואַקסן און האָט זיך פאַר־צווייגט צו דעם מעכטיקסטן יידישן אַרבעטער אָרדען אין דער וועלט און אַ שומר פון די „היימישע פלאַמען" איז געבליבן דער אַרבעטער־רינג דורך די אַלע זעקס־אַ־האַלב צענדליק יאָר.

גרויסע קאַפּיטלען פון ברידערלעכער פריינדשאַפט, סאָציאַלער הילף און קעגנזייטיקער אונטערשטיצונג האָט דער אַרבעטער־רינג געשריבן אין פאַרלויף פון זיין וואונדערלעכער געשיכטע. ער האָט אויפגענומען די צעשפּרייטע, צע־וואָרפענע צענדליקער טויזנטער יידישע אימיגראַנטן און האָט געשאַפן פאַר זיי אַ ברידערלעכע, חברישע, גייסטיקע היים און די גאַנצע צייט האָבן אים באַהערשט די אידעאַלן פון דער יידישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג, די אידעאַלן פון דעמאָקראַטיע און פרייהייט, די אידעאַלן פון גלויבן אין קיום פון אונדזער פאָלק, די גרייטקייט צו ברענגען קרבנות פאַר די דאָזיקע אידעאַלן.

אַזוי איז ער געוואָרן די היים פאַר אַלץ וואָס איז פּראָגרעסיוו און שעפעריש אין יידישן לעבן פון אַמעריקע, און ער האָט זיך נישט באַגרענעצט אויף אַמעריקע, נאָר אין גיכן איז ער געוואָרן דער באַשיצער פון דער יידישער קולטור־באַוועגונג אין אייראָפּע. יידישע שול־ און קולטור־אינסטיטוציעס אין פּוילן, רומעניע און אַנדערע לענדער האָבן שטענדיק געפונען ברידערלעכע הילף אין אַרבעטער־רינג.

דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט, וואָס האָט נאָר וואָס פאַרענדיקט דאָס 30טע יאָר פון זיין עקזיסטענץ, קומט צו דער יובל־פייערונג פון אַרבעטער־רינג נישט בלויז ווי אַ ברודער־אָרגאַניזאַציע, נאָר טאַקע ווי אַן „אייגענער".

ער איז אויסגעוואַקסן פונעם שויס פון אַרבעטער־רינג און ביז היינט איז דער אַרבעטער־רינג געבליבן דער רוקן־ביין פון יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט.

מיר שטייען אויף דער וואַך פון יידישע פאָלקס־אינטערעסן איבער דער וועלט. מיר האָבן אויפגעבויט און האַלטן אויס יידישע קולטורעלע און סאָציאַלע אינסטיטוציעס אין אייראָפּע און אין מדינת ישראל. פול מיט צוטרוי קוקן מיר פאָרויס אויף דער קאָאָפּעראַציע מיטן אַרבעטער־רינג אין די קומענדיקע יאָר־צענדליקער.

ס'איז גוט צו מאַרשירן צוזאַמען. טאָ לאָמיר גיין פאָרויס צום נצחון פון אונדזערע סאָציאַליסטישע, פון אונדזערע נאַציאָנאַלע אידעאַלן.

מיר שיקן איבער אונדזערע וואַרעמסטע יובל־גרוסן דעם אַרבעטער־רינג, זיינע פירערס און וועג־ווייזערס, די טוערס אין די ברענטשעס און די פיל טויזנטער מיטגלידער זיינע איבער דער לענג און ברייט פון אַמעריקע.

---

## וועגן דער טעטיקייט פון די אָפּטיילונגען פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט

אין אונדזער אַרבעט פאַר מענטשן־רעכט, פאַר אַלע פאָדערונגען פון דער פרייער אַרבעטער־באַוועגונג, פאַר דער שטאַרקונג פון יידישער קולטור און פאַר דער זיכערהייט און דעם וואוילזיין פון יידישן פאָלק, האָט דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט געהאַט די פולע מיטהילף פון אַלע זיינע אָפּטיילונגען. עס

דאַרף פעסטגעשטעלט ווערן, אַז עס וואָלט געווען אוממעגלעך צו דערגרייכן די אַלע דערפאָלגן אָן דער מיטהילף פון דער פּרויען־דיוויזיע פון יידישן אַר־בעטער קאָמיטעט אין אַמעריקע און קאַנאַדע פונם טרייד יוניאָן קאָונסיל פאַר מענטשן־רעכט, פון דער אַרבעטער־רינג דיוויזיע און פון דער מעמבערשיפּ דיוויזיע.

ביי דער געלעגנהייט פון דער 30־יאָריקער יובל קאָנווענשאָן ווילן מיר אויסדריקן אונדזער אָנערקענונג צו אָט די אַלע אָפּטיילונגען אונדזערע, צו זייערע באַאַמטע און מיטגלידער און אויפסניי צוזאָגן אונדזער פולע קאָאָפּע־ראַציע.

**די פרויען דיוויזיע** האָט מיט איר אינטענסיווער טעטיקייט יעדן יאָר געשטיצט די טעטיקייט פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט ספּעציעל אויפן גע־ביט פון סאָציאַלער הילף. די קינדער הילף־אַקציע, די הילף פאַר יידישע שולן, פאַר דער יידישער קולטור און ליטעראַטור, זי האָט באַזונדערס גע־שטיצט דעם קאַמף פאַר דער גלייכבאַרעכטיקונג פון דער פרוי. זי האָט אַנט־וויקלט אַ טעטיקייט פאַר אונדזערע אינסטיטוציעס אויף יענער זייט ים. זי האָט געשאַפן פאָנדן וואָס זיינען געווען פון אומשאַצבאַרן ווערט פון אונדזער באַוועגונג.

**דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט אין קאַנאַדע** האָט אין יעדן פּרט דערגרייכט די אויפטואונגען פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, טיילמאָל אַפילו אַריבערגעשטיגן. דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט אין קאַנאַדע איז געוואָרן איינע פון די אָנגעזעעענסטע אָרגאַניזאַציעס אין לאַנד אַ דאַנק דער איבערגעגעבענער אַרבעט פון זיין מיטגלידערשאַפט. ער האַלט אָן די וואַרעמסטע באַציאונגען מיט דער אַלגעמיינער אַרבעטערשאַפט: מיר שטאָל־צירן מיט זיין אָנפירנדיקער ראָל אין דער קאַנאַדער יידישער געזעלשאַפט, זיינע אויפטואונגען אויפן געביט פון גלייכע מענטשן־רעכט אין קאַנאַדע.

**דער נאַציאָנאַלער טרייד יוניאָן קאָונסיל פאַר מענטשן רעכט** איז די איינציקע אָרגאַניזאַציע פון דעם מין אין די פּאַראייניקטע שטאַטן. ער איז צוזאַמענגעשטעלט פון טרייד יוניאָן פירערס און האָט אין גאַנצן געווידמעט זיין קראַפט צום קאַמף פאַר מענטשן־רעכט אין דער אַלגעמיינער אַרבעטער־באַוועגונג און אין קאָאָפּעראַציע מיט א.פ.ל.־סי.אַי.אָ אין דער אַלגעמיינער געזעלשאַפט. אָט די צענטראַלע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע האָט צוגעצויגן אַרבעטער טוערס און איז שטענדיק געווען אַ קוואַל פון אינספּיראַציע פאַר די אידייען און קאַמף פאַר מענטשן־רעכט. דער קאָונסיל איז אַ וויכטיקער זאַמלפּונקט, צוזאַמען מיט דעם סיוויל רייטס דעפּאַרטמענט פון א.פ.ל.־סי.אַי.אָ פאַר דער אַקטיווער באַטייליקונג פון לייבאָר אין דער סיוויל רייטס רעוואָלוציע. ער האָט שטענדיק אונטער־געשטראָכן די אידענטיפיקאַציע פון די יידישע טרייד יוניאָניסטן מיט די פּראָ־בלעמען און אַספּיראַציעס פון דער יידישער קאָמיוניטי. דער יידישער אַרבעטער

קאָמיטעט שטאָלצירט מיט אָט די און אַנדערע אַקטיוויטעטן פון דעם טרייד יוניאָן קאַונסיל.

**די אַרבעטער־רינג דיוויזיע** און די אַרבעטער־רינג ברענטשעס מאָביליזירן די כוחות פון די אַרבעטער־רינג מיטגלידער איבערן לאַנד פאַרן יידישן אַרבעטער קאָמיטעט. זיי פאַרטרעטן דעם יידישן אַרבעטער קאָמיטעט אין אַ גרויסער צאָל קאָמיוניטי קאַונסילס, וואו זיי ווערן זייער הויך אָפּגעשאַצט פאַר זייער טעטיקייט. זיי האָבן געהאָלפן שאַפן פאַרן יידישן אַרבעטער קאָמיטעט פינאַנציעלע הילף און מאָראַלישע הילף.

**די מעמבערשיפּ אָפּטיילונג** איז די נייעסטע אָפּטיילונג פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט און געפינט זיך נאָךביים אָנהייב פון איר אַנטוויקלונג, אָבער שוין אין דער קורצער צייט פון איר עקזיסטענץ האָט זי געבראַכט נייע מענטשן, נייע כוחות, נייע אויפמונטערונג. מיר זיינען אַנטשלאָסן אויסצובויען אָט די נייע אָפּטיילונג פון אונדזער אָרגאַניזאַציע אין אַ גרויסער קערפּערשאַפט פון הילף פאַר אונדזער אַרבעט און מיר זאָגן איר צו אונדזער שטיצע מיט אַלע כוחות.

אַלע אויבן דערמאָנטע אָפּטיילונגען העלפן דעם יידישן אַרבעטער קאָמיטעט אויפן וועג באַרג־אַרויף צום ציל. אין דער צוקונפט וועלן מיר ווייטער, אַזוי ווי ביז אַהער, אַרבעטן צוזאַמען צו שטאַרקן אונדזער באַוועגונג אין גייסט פון אונדזער פּראָגראַם און אונדזערע אידעאַלן.

---

## וועגן יידיש און עפנטלעכע שולן פון קוויבעק

די יובל־קאָנווענשאָן פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט באַגריסט דעם יידישן אַרבעטער קאָמיטעט פון קאַנאַדע פאַר זיין איניציאַטיוו צו פאַרלאַנגען, אַז אין דער פּראָווינץ קוויבעק זאָל דער יידיש־לימוד איינגעפירט ווערן אין די עפנטלעכע שולן.

די קאָנווענשאָן ווינטשט דעם יידישן אַרבעטער קאָמיטעט אין קאַנאַדע אַ סך דערפאָלג אין אָט דער איניציאַטיוו, וואָס איז פון גרויס באַדייטונג פאַר אונדזערע אָנשטרענגונגען צו שטאַרקן און אויפצוהאַלטן יידיש לעבן.

---

## וועגן יידישן קולטור־קאָנגרעס

אין דער עפּאָכע נאָכן חורבן פון יידישן לעבן אין מזרח־אייראָפּע, האָט דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט אונטערגענומען אַ גרויסע אַרבעט אויפן געביט פון יידישער קולטור־רעקאָנסטרוקציע. איינע פון זיינע וויכטיקסטע דערגרייכונגען אויף דעם געביט איז געווען די גרינדונג פון אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס אין יאָר 1948.

דעלעגאַטן פון צענדליקער לענדער פאַרטרעטנדיק די וויכטיקסטע יידישע געמיינדעס, האָבן זיך באַטייליקט אין דעם וועלט־צוזאַמענפאָר פאַר יידישער קולטור אין ניו־יאָרק. דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט איז אויף דעם דאָזיקן היסטאָרישן צוזאַמענפאָר געווען דער הויפּט־איניציאַטאָר צו באַשאַפן די פאַראייניקטע באַוועגונג פאַרן ווידעראויפבוי פון יידישן קולטור־לעבן, פאַר דער פאַרשטאַרקונג פון דער יידישער שפּראַך, שול און קולטור.

במשך פון די פאַרגאַנגענע 18 יאָר האָט דער קולטור־קאָנגרעס אַנטוויקלט אַ ברייטע טעטיקייט אויף די געביטן פון יידישן פאַרלאַג־וועזן, פון דאָקומענטירן דעם יידישן אומקום אין מזרח־אייראָפּע און דעם ווידערשטאַנד, פון העלפן רעהאַביליטירן יידישע שרייבער, דורך באַפעסטיקן די פּאָזיציעס פון דער מאָדערנער יידישער שול און שטאַרקן דעם קולטור־באַוואוסטזיין אין דער יידישער געמיינדע פו אַמעריקע.

דער יובל־קאָנגרעס פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט באַשטעטיקט ווידער אַמאָל זיין אידעאישע פאַרבינדונג מיט די שטרעבונגען פון דער מאָדערנער יידישער קולטור־באַוועגונג, מיט דער יידישער ליטעראַטור און שול, מיטן קאַמף פאַר די רעכט פון דער יידישער שפּראַך אין אַלע יידישע ישובים.

דער צוזאַמענפאָר באַטראַכט פאַר וויכטיק, אַז די נאַציאָנאַלע יידישע פאָנדן, געמיינדע־פאָנדן און אַלע צווייגן פון אונדזער אייגענער באַוועגונג זאָלן אויף אַ ממשותדיקן אופן העלפן דעם יידישן קולטור־קאָנגרעס אין זיין וויכטיקער טעטיקייט.

דער צוזאַמענפאָר באַגריסט דעם יידישן קולטור־קאָנגרעס, די יידישע שרייבער, קינסטלער, געזעלשאַפטלעכע טוער און לערער, וואָס גרופּירן זיך אַרום אים, און זאָגט צו אויך אויף ווייטער זיין ברידערלעכע הילף און אונטערשטיצונג.

---

## וועגן זשורנאַל „די צוקונפט"

אין דער פאַרצווייגטער, גרויסער הילף־אַרבעט אויף אַלע געביטן פון יידישן לעבן, וואָס דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט האָט אָנגעפירט במשך פון זיין דרייסיק־יאָריקער טעטיקייט, האָט די זאָרג און שטיצע פאַר מאָדערנער יידישער קולטור פאַרנומען אַ בכבודיק אָרט.

איינע פון די אינסטיטוציעס, וואָס דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט שטיצט מאָראַליש און פינאַנציעל און איז פאַראינטערעסירט אין איר ווייטערדיקן קיום, איז דער זשורנאַל „די צוקונפט".

דער דאָזיקער עלטסטער, יידישער זשורנאַל איז פון מאָמענט פון זיין דערשיינען ביז היינט, במשך פון זיין 75־יאָריקער עקזיסטענץ — געשטאַנען אויף אַ הויך געזעלשאַפטלעכן ניוואָ און האָט שטענדיק געדינט די אידעאַלן און פּרינציפּן, וואָס זיינען נאָענט און טייער דעם יידישן אַרבעטער קאָמיטעט.

דער יובל־קאָנגרעס דריקט אויס אָנערקענונג פאַר דער חשיבות פון דעם זשורנאַל. דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט וועט ווייטער, ווי ביז איצט, שענקען זיין אויפמערקזאַמקייט און העלפן „דער צוקונפט״ אין איר אַרבעט.

---

## דאַנק און אָנערקענונג דעם „פאָרווערטס״

אין פאַרלויף פון די דרייסיק יאָר פון זיין עקסיסטענץ האָט דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט שטענדיק געהאַט די וואַרעמסטע שטיצע פון „פאָר־ווערטס״. מיט דער הילף פון „פאָרווערטס״ איז דער וועק־רוף פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט, ביי זיין געבורט מיט דרייסיק יאָר צוריק, דערגאַנגען צו די ברייטע אַרבעטער־ און פאָלקסמאַסן דאָ אין לאַנד און איבער דער וועלט און אַזוי האַלט דאָס אָן די אַלע יאָרן. דער „פאָרווערט״ טראָגט אַריין אין די טיפענישן פון די יידישע אַרבעטער־ און פאָלקסמאַסן די לאָזונגען. דאָס אויפמונטערנדיקע וואָרט פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט, זיין רוף צו אומ־דערמידלעכער אַרבעט פאַר הילף און אויפבוי, צום קאַמף פאַר רעכט און ווירדע פון יידישן פאָלק אין אַלע לענדער.

די 30־יאָריקע יובל־קאָנווענשאָן דריקט אויס איר אָנערקענונג און דאַנק דעם „פאָרווערטס״, דער רעדאַקציע און דער פאַרזאַמלונג, פאַר דער פיינער קאָאָפּעראַציע מיטן יידישן אַרבעטער קאָמיטעט, און גלייכצייטיק אויך די האָפענונג, אַז די חברישע קאָאָפּעראַציע וועט אָנהאַלטן אויך ווייטער, יאָרן און יאָרן.

---

## צום 75־יאָריקן יובל פון „די פרייע אַרבעטער שטימע״

די קאָנווענשאָן האָט אויך אָנגענומען אַ באַגריסונג צום זשורנאַל „די פרייע אַרבעטער שטימע״, צום 75־יאָריקן יובל פון איר עקסיסטענץ.



